בינעם העלער

# קלארקייט

פאַרלאַג 

וואַרשע 1957

BINEM HELLER

JASNOŚĆ

Redaktor: D. SFARD
רעדאַקטאָר: ד. ספֿאַרד

Okładkę projektował: I. REJZMAN
הילע געצייכנט: י. רייזמאַן

Printed in Poland

Wydawnictwo „Idisz" Buch" Warszawa Nowogrodzka 5

Nr zam. 7528. Nakład 1000 egz. Druk ukończono w kwietniu 1957 r. Ark. druk. 11,25. Ark. wydaw. 10. Papier dr. sat. kl. III A1. Druk RSW „Prasa", Warszawa, Tarczyńska 8 — B-63

# אַנטקעגן

פאָרויס — אַנטקעגן פייערדיקע ווינטן!
פאָרויס — אַנטקעגן בלענדנדיקער ווייט! —
כ'בין נישט אַזאַ, וואָס שלעפט זיך נאָך פון הינטן
און די געפאַר דערזעט אים נישט און מיידט.

דער שונא שווימט אַרויס פון יעדן נעפּל,
אויף יעדן קרייצוועג וואַרט אויף מיר אַ שלאַכט.
און דאָס געשלעג אויף טויט איז און אויף לעבן,
ווייל עמיצער מוז ווערן אומגעבראַכט.

מיט הענט פון האַסטיקן געייעג צעגליטע —
דער ערשטער אין געראַנגל איך גרייף אָן.
דער פיינט דערשרעקט זיך און פאַרלירט זיין שליטה,
ווי אים וואָלט בלינד געמאַכט מיין רויטע פאָן.

נאָך יעדן זיג דער אימפּעט טראָגט מיך ווייטער —
די ערד הערט אויף צו פילן מיין געוויכט:
ווער איז דאָס אָט דער וונדערלעכער רייטער,
וואָס לויפט דורך מיט דער שנעלקייט פון עם ליכט?

פאָרויס — אַנטקעגן פייערדיקע ווינטן!
פאָרויס — אַנטקעגן בלענדנדיקער ווייט! —
אָט הייבן אָן שוין אַרום מיר זיך צינדן
מיליאָנען לאַמפּן פון דער אַטאָם-צייט!

1954

# אוראַן

אויף דעם פּלאַנעט פון פייער און פון שטיין
מיר זענען נישט קיין צופעליקע געסט.
פאַרקלאַמערטע מיט נעגל און מיט ציין —
מיר האַלטן אין דער שיינער ערד זיך פעסט.

זי לויפט, און אין דעם לויף ווערט זי צעגליט,
אַזש אין דעם פּנים שלאָגט די צייט, ווי היץ.
און אָפט פון גרויס געאייל מיר ווערן אָפּגעבריט —
מיר כאַפּן מיט די הוילע הענט דעם בליץ.

מיר האָבן אים געפאַנגען. פאַר זיין קראַפט
איצט שטייען מיר דערשראָקן און אַנטציקט.
אויף איין באַוועגונג זענען מיר פאַרגאַפט:
אַ טראָט איז פונעם אומקום ביז צום גליק.

מיר האָבן אויפגעריסן אין אוראַן
דעם קוואַל פון פייער און דעם קוואַל פון ברויט.
אין זעלבן אַטאָם זענען זיי פאַראַן —
דער סוד פון לעבן איז דער סוד פון טויט.

מיר האַלטן אים אין אונדזער פויסט פאַרפרעסט,
ביז יעדער איינער וועט אים גוט פאַרשטיין. —
מיר זענען נישט קיין צופעליקע געסט
אויף דעם פּלאַנעט פון פייער און פון שטיין.

1954

# טרוים

דערווייל ווייסט קיינער נישט דעם שיינעם סוד,
פאַרוואָס אין יעדן מעשהלע געניי
איז פון דעם ווייטיק ביז צום גליק אַ טראָט —
אין לעבן איז עס קיינמאָל נישט אַזוי.

דער חלום אָנערקענט נישט קיין שום צוים —
די שטערונג שוועבט ער איבער לייכט און פלינק,
פון שאָטן ווערט ער אָנגערירט קוים-קוים —
אין לעבן איז עס גאָרנישט אַזוי גרינג.

דער גאַנג אויף אונדזער ערד איז שווער און האַרט,
עס שטעלט זיך אים אַנטקעגן יעדער שטיין,
נאָך יעדן אויפשטייג וואַקסט אויס אומדערוואַרט
אַן אָפּגרונט — און דערלויבט נישט ווייטער גיין.

און דאָך, דער טרוים בלייבט אונדזער אָריענטיר!
פאַרקוקט מיר זענען אין זיין חריסטן פלי,
און ווען מיר קומען מיט אים אין באַריר —
מיר גלייכן אויס דעם רוקן און די קני.

און ווידער צו דער ווירקלעכקייט ווערט געווענדט
דער נישט געשטילטער, הונגעריקער בליק,
און מיט די מידע בלוטנדיקע הענט
מיר רייסן ווייטער זיך אַדורך צום גליק.

1954

## פֿאַרגיב מיר, פֿריינד...

פֿאַרגיב מיר, פֿריינד, די האַרבע מיינע לידער,
פֿאַרגיב מיר מיינע מאָנענדיקע רייד,
וואָס רייסן זיך אַרײַן אויפֿסניי און ווידער
אינמיטן פֿון דײַן אָפּרו און דײַן פֿרייד.

אויך איך בין שוין נאָך שלווה אויסגעהונגערט,
מײַן יעדער טראָפּן בלוט נאָך ליבשאַפֿט בענקט,
מײַן דראַנג צו ווײַטקייט איז נאָך אַזאַ יונגער,
אַז אָפֿט וואָרט מיר די גרויסע ערד צו־ענג.

נאָר מיך באַגלייט דאָס אײַנגעשטיקטע ברומען,
ווי ווידערקולות פֿון אַ ווײַטן ים.
און הינטער מיר דער רוים איז נאָך פֿאַרנומען
מיט קנוילן רויך און פֿלאַקערדיקן פֿלאַם.

פֿאַרמשפּט איז מײַן ליד עס זאָל דערמאָנען
ביז לעצטער שורה, ביז צום סאַמע סוף,
די שטים פֿון זעקס דערהרגעטע מיליאָנען,
די שטים, וואָס פֿאָדערט אַ גערעכטע שטראָף.

פֿאַרמשפּט איז מײַן האַרץ אויף האַס און צאָרן,
פֿאַרמשפּט איז אויף ווײ־געשריי מײַן וואָרט,
פֿאַרמשפּט איז מײַן בלוט און מײַן זכרון
אויף קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן זייער מאָרד. —

פֿאַרגיב מיר, פֿריינד, איך קום דײַן רו איצט שטערן,
כּדי דײַן לעבן זאָל נישט זײַן צעשטערט,
אַז אין מײַן ליד זאָלסט זייער שטים דערהערן,
כּל־זמן דער שונא לעבט נאָך אויף דער ערד.

1954

* * *

דאָס נייע הויז איז שוין באַוווינט פון לאַנג
און דורכגעזאַפּט מיט זאָרג און מיט געזאַנג.
מיין טראָט איז צוגעוווינט שוין צו די טרעפּ,
מיין אויער — צו די קולות און די קלעפּ,
וואָס גרייכן מיך, געדעמפּטע, דורך דער וואַנט.
און יעדע שעה פון טאָג איז דאָ באַקאַנט:
איך ווייס ווען ס'קומט די זון און ווען — דער ווינט,
און ווען די לעצטע שוואַלב אין רוים פאַרשווינדט.

און דאָך טרעפט אָפט, אַז איך בלייב שטיין דערשטוינט:
דאָס נייע הויז, וואָס איז שוין לאַנג באַוווינט
הייבט אָן צו לייכטן מיט אַזאַ מין שיין,
ווי ס'וואָלט די גאַנצע זון אַהין אַריין.
מיט מיינע פינגער ריר איך אָן די ווענט,
דאָס העלפט נישט — כ'בלייב אַלציינס פאַרבלענדט
פון אָט דעם ליכט, וואָס שלאָגט פון זיי אַרויס:
ווי גלאָז ווערט דורכזיכטיק דאָס גאַנצע הויז.

סעפּטעמבער, 1954

# קלאַנגען

אין פרילינג־נעכט, אין נעכט פון אָנהייב בליען
דערגרייכן מיך אין חלום טויבע קלאַנגען.
איך וועק זיך אויף, און מיט מיין שלאָף פאַרפליען
די שטילע און אומדייטלעכע פאַרלאַנגען.

מיין בליק איז פול נאָך מיט די העלע פלעקן
און מיט די שאָטנס פון די טרוים־געוועבן.
ווער איז געקומען אין דער נאַכט מיך וועקן
און רופן מיך צוריק צום האַרבן לעבן?

איך הער זיך איין: אָ, וואָס זאָל דאָס באַדייטן?
איך הייב אָן צו פאַרשטיין אַזויפיל שפּראַכן,
מיר ווערן נאָענט אַלע פרעמדע ווייטן,
און מיינע ווענט אַרום מיר נעמען קראַכן.

ווער האָט מיך פונעם שלאָף אַרויסגעריסן,
אַראָפּגעטריבן מיך פון מיין געלעגער? -
דאָס רופן פון פאַרשפּאַרטע קאָמוניסטן?
דאָס ברומען פון די איינגעשמידטע נעגער?

דאָס נאָגנדיקע, הונגעריקע וואָיען
פון קינדער אין אַראַבישע קוואַרטאַלן? —
די קולות, די פאַרצווייפלטע, פון פרויען
אין דאָרף, וואָס ווערן פון לופט־פלאָט אָנגעפאַלן? — —

אָט באַלד וועל איך צעעפענען מיין פענצטער,
און אין דער טיפער שטילקייט זיך צעשרייען:
דאָס איז מיין שפּראַך, די אייגענע, די נאָנטסטע —
און אַלע קלאַנגען כ'וועל דורך איר באַפרייען!

יוני, 1954

# ש ט י ל

ס'איז שטיל אַצינד. מיין טאָכטער שלאָפֿט שוין איין,
זי האָט נאָרוואָס די אויגן צוגעמאַכט.
איך צימערל ווערט אָנגעפילט מיט שיין
פֿון שטערן אין דער זומערדיקער נאַכט.
דער לייכטער ווינט, וואָס קומט פֿון וויטן פֿעלד
און טראָגט פֿון קאָרן־בלימעלעך דעם דופֿט,
האָט זיך פֿאַרגאַפֿט, ביים פֿענצטער אָפּגעשטעלט
און איינגעהערט זיך, ווי דער חלום רופֿט.

דאָס ליכט פֿון שטאָט לעשט ביסלעכוויז זיך אויס,
אין טונקלקייט דער רויש ווערט איינגעזאַפּט.
די ערד ווערט ווידער וווּנדערלעך און גרויס
און טייער, ווי מיין טאָכטערס האַרץ וואָס קלאַפּט.
און אומבאַמערקט וואַקסט אָן אַזוי מיין פֿרייד
ביז זי דערגרייכט צו אומרו און פֿאַרדאַכט,
און היטן אָט די שטילע וועלט כ'בין גרייט
מיט אויגן אָפֿענע אַ גאַנצע נאַכט.

מיין טאָכטער שלאָפֿט שוין איין און איינגעהילט
האָט זי דער שאָטן ווי אַ ווייכע דעק.
איך פֿיל, ווי אין מיין בלוט לויפֿט נישט־געשטילט
דער לעצטער נאָכוויי פֿון אַן אַלטער שרעק;
איך זע, ווי אויפֿן ווייסן הימל־ראַנד
אַ רויטע שאַרפֿע שיין האָט אויפֿגעבליצט. —
איך ווייס, אַז נישט דורך מיר אַליין אין לאַנד
מיין טאָכטערס שלאָף געהיט ווערט און באַשיצט.

יוני, 1954

* * *

מיין לעבן איז מיט אומגעריכטקייט רייך.
אַ פרילינג צו אַ פרילינג איז נישט גלייך,
און וויפל מאָל דער בוים האָט זיך צעבליט,
און וויפל מאָל די זון האָט אויפגעגליט —
אַזויפיל מאָל כ׳האָב נישט דעם בוים דערקענט,
אַזויפיל מאָל די זון האָט מיך פאַרבלענדט.

מיט יעדן טאָג אַ נייער קלאַנג זיך וועקט,
מיט יעדן טראָט — אַ לאַנדשאַפט ווערט אַנטפלעקט —
איך לערן זיך דעם נייעם קלאַנג פאַרשטיין,
און אויף דער לאַנדשאַפט לערן איך זיך גיין.
אַ שטילער דער זכרון מיך באַגלייט,
כדי ער זאָל נישט שטערן מיר די פרייד —
אָן אָנונג בלויז פון דעם, וואָס איז געווען,
אַ שפּחר פון דעם, וואָס איז אַמאָל געשען.

אומענדלעך איז דער קומענדיקער טאָג,
און אָנגעלאָדן מיט אַ פולער וואָג;
און די פאַרגאַנגענהייט ער שלינגט אַריין
און פרעסט צונויף זי אין אַ רגע שיין,
וואָס פליט אָן אָנגעצילטע, ווי אַ פייל
צו נייע טעג — אין זיכערן געאייל.

מיין לעבן איז מיט אומגערעכטיקייט רייך,
נאָר טיילמאָל וויל איך מאַכן אַ פאַרגלייך:
איך קוק זיך אום און — וואָס דערזע איך דאָרט?
די שפּורן פון אַ דורכגעגאַנגענעם אָרט,
סימנים פון מיין ליבשאַפט און מיין האַס,
די שוואַרצע ווענט פון הויף אויף סמאָטשע גאַס,
פון וואַנען ס'האָט מיין הונגעריקער בליק
געטריבן מיך צום גרויסן טאָג פון גליק.

1954

# אליין

מיין פֿריינד, די סיבה פֿון דיין שווערן טרויער
איז נישט די מידקייט דיינע, נישט דיין עלטער.
דערלויב, און איך וועל זאָגן דיר געטרייער,
וואָס דיך באַאומרואיקט און וואָס עס פֿעלט דיר.

נישט אמת, אַז צוזאַמען מיט דער יוגנט
פֿאַרשווונדן איז אַ טייל כּאָטש פֿון דיין גלויבן.
אין אַ געפֿאַר — אַ רוף בלויז וואָלט געטויגט,
און דו וואָלסט צום געשלעג זיך אויפֿגעהויבן.

נאָר דו האָסט זיך אַמאָל גאָר ברייט פֿאַרמאָסטן —
דו ביסט אַוועק מיט טויזנטער אינאיינעם.
און איצט — אַליין געבליבן אויפֿן פּאָסטן —
פֿון די חברים זעסטו מער נישט קיינעם.

אין שלאַכט אַרויס דו ביסט מיט זיי צוזאַמען,
נאָר אָנגעקומען ביז צום זיג — ביסט איינער.
דער וועג נאָך דיר איז אויסגעברענט פֿון פֿלאַמען,
דער וועג נאָך דיר איז אויסגעשפּרייט מיט ביינער.

און האָך — דורך דיר האָט זיך דיין דור פֿאַרשטענדיקט,
און פֿון דיין צייט געבליבן ביסטו דער צייכן.
און גוט, וואָס דו כּאָטש האָסט דעם וועג פֿאַרענדיקט
און גוט, וואָס איינער כּאָטש געקאָנט האָט גרייכן.

1955

# אין מאַי־צוג

געדענקסטו, ווי איך בין מיט דיר געגאַנגען
אין אומלעגאַלן צוג פון ערשטן מאַי?
געדענקסטו די פאַרבאָטענע געזאַנגען,
ווי פייגל אָפּגעלאָזטע אויף דער פריי?

געדענקסטו יענע שנעלע אויסגעשרייען,
די אָפּגעהאַקטע לאָזונגען פון האַס,
די פעסטע טריט אין נישט־מושטירטע רייען,
אויף האַרטע שטיינער פון דער דזשיקע גאַס?

געדענקסטו, ווי די פאָן האָט זיך באַוויזן
און אויפגעשיינט אין אויגן אומגעריכט? —
פון בוזים, ווי פון האַרץ, אַרויסגעריסן
מען האָט זי, ווי אַ שטיק פון בלוט און ליכט.

געדענקסטו, ווי פון פזשעיאַזד ביז צום צענטער
געגרייכט האָט אונדזער דראָענדיקער טראָט?
אַזוי האָט אונדזער געגנט זיך דערנענטערט
צו אַנדערע קוואַרטאַלן פון דער שטאָט!

און פון דער מזרח־זייט האָט זיך באַוויגן
דער צוג פון פראַגע דורך דער קערבעדזש־בריק;
און פון דער מערב־זייט האָט אָנגעצויגן
פון וואָליע — אַ פאַבריק נאָך אַ פאַבריק.

און מיטאַמאָל — דעם רוים האָט דורכגעשניטן
די פאָן פון דער פאַרטיי — אַ רויטער פלאַם,
און איך מיט דיר, ווי טראָפּנס צווי אינמיטן
פון אויפגעברויזטן, שטורעמדיקן ים.

1954

## רויט און בלאָ

די ווינטן האָבן אויסגעפּוצט דעם רויס,
אַן אָפּגעדעקטע ליגט פאַר מיר די ערד.
נישטאָ אַצינד קיין גרענעץ און קיין צוים,
נישטאָ קיין אָרט, וווּ ס׳איז מיין טראָט פאַרווערט.

צוזאַמען מיט דער זון נעם איך אַרום
די גרויסע גאַנצע וועלט, און זי דערשיינט
מיט די פּאַלאַצן פון איר אַלטן רום,
מיט אירע שטאָלצע בויונגען פון היינט.

נישטאָ אַצינד קיין אָפּהאַלט פאַר מיין בליק —
ער גרייכט אויך האַרט, וווּ ס׳גרייכט נאָך נישט מיין פרייד:
אויך האַרט, וווּ פאַר דער פאָן פון אונדזער גליק
די מענטשן זענען אַלץ נאָך שטאַרבן גרייט.

איך זע די יונגע העלדן פון וויעטנאַם,
די שקלאַפן פון שוואַרצן קאָנטינענט,
און אין מיין אויג שטייט נאָך דער געליער פלאַם
פון האַס, וואָס האָט די ראָזנבערגס פאַרברענט.

דורך תפיסה־קראַטן און דורך לאַגער־דראָט
איך דרינג אין אומגעזעענער אַריין,
און אומעטום, וווּ ס׳לעבן ווערט באַדראָט,
זע איך די פאָן פון לעבן און פון שיין.

דאָס בלוט קען נישט קיין אַנדער פאַרב ווי רויט,
און בלאָ דער הימל פרילינגט יעדעס יאָר.
די ביידע פאַרבן — אויף אַ שריט פון טויט —
פאַראייביקן דעם רום פון אונדזער דור.

מאַי, 1954

# צו דער סאָסנע

אַ דיכטער פון דער פוילישער מדינה —
האָב איך מיין ליד געהייליקט דער בעריאָזע.
נאָר דיך, מיין שטאָלצע סאָסנע, אייביק גרינע,
צי קאָן איך דיך פאַראַטן און פאַרלאָזן?

פאַרחברט האָב איך זיך מיט דיר אַ יונגער,
ווען אונדזער הימל איז געווען נאָך לויטער.
און אפשר איז דערפאַר אויך מיר געלונגען,
וואָס ביז איצט איז מיין קאָפ נישט קיין פאַרגרויטער

אַדורכגעגאַנגען ביסטו אַלע היצן,
און אויסגעשטאַנען ביסטו אַלע שנייען.
און אפשר האָב איך אויך געקאָנט זיך שיצן
פון זיי, ווייל כ'בין געווען מיט דיר אינצווייען.

ווי די בעריאָזע האָסטו נישט געיאָמערט,
און נישט אַוועק צום טייכל אין דער נידער.
דו האָסט געדאַרפט אַזויפיל זון מסתמא,
ווי איך האָב דאָס געדאַרפט פאַר מיינע לידער.

דער ווינט האָט דיינע צווייגן אָפט געריסן,
נאָר דו האָסט אים דעם שטאַם נישט אָפּגעגעבן. —
מיין שטאָלצע סאָסנע, איך בין אויך פאַרביסן,
און נאָך דעם שטורעם וויל איך ווייטער לעבן!

פעברואַר, 1955

# גענוג

גענוג שוין אין דעם ענגן ראָד צו קרייזן —
שוין צייט צו וואַרפֿן אַלע שיינע ווערטער
און ווידער אינעם לעבן זיך באַווייזן,
און טאַקע — אויף די גוט־באַקאַנטע ערטער.

דאָרט איז מיין פּלאַץ ביז איצט געבליבן ליידיק,
דאָרט וואַרט מען שוין אויף מיר אַזויפֿיל יאָרן.
חבֿרים טראַכטן וועגן מיר באַליידיקט:
צי איידל זענען זיינע הענט געוואָרן.

זיי האָבן אָפּגעוווינט זיך פֿון דער אַרבעט
און זיך פֿאַרוואַנדלט אין דעם האַרצם באַגלייטער.
פֿאַרצערטלטע און אָן מאָזאָליעס האַרבע —
זיי פֿילן יעדן אויסגעטראַכטן ווייטיק.

געריכט! וואָס קאָן איך זאָגן זיי דערווידער?
און וואָסער ענטפֿער וועט זיי דען גענוגן? —
איך וואָלט אַליין פֿון אַלע מיינע לידער
זיך אומגעקערט צו זיי מיט פֿאַרגעניגן.

מיין ניי־מאַשין וואָלט ווידער אויפֿגעזונגען.
און מיט די שטעפּ וואָלט איך געפּרוווט דעריאָגן
דאָס אַליין, וואָס איז אין ליד מיר נישט געלונגען —
דאָס אַליין, וואָס איך האָב נישט געקאָנט דערזאָגן.

1955

# אַ שטראַל

קאָן זיין, אַז יעדער איינער איז אַזוי
פון ליבשאַפט צו דעם לעבן אַ פאַרבלענדטער,
און פונקט ווי איך, טראַכט יעדער מענטש געוויי,
אַז דאָרט ווו ער געפינט זיך איז דער צענטער;
אַז אַלץ אַרום אים דרייט זיך אין אַ קרייז,
אַז קיין שום זאַך זיין אייג וועט נישט פאַרלירן,
אַז אויף דער ערד איז נישט פאַראַן קיין נייס,
וואָס ער וועט מיט די פינגער נישט באַרירן.
צי איז דאָס גוט? און אפשר איז עס שלעכט? —
אַ שאָטן בלויז גייט שטיל פאַרביי, דערנעבן,
איך גלייב, אַז יעדער מענטש, וואָס איז גערעכט,
דאַרף שטעלן זיך אין צענטער פונעם לעבן.
דאָס גוטע, וואָס ער האָט, איז נישט בלויז זיין —
ער האָט דאָס ביי דער גאַנצער וועלט גענומען,
דאָס איז אַ שטראַל בלויז פון דער גרויסער שיין,
וואָס איז אַזויפיל מאָל שוין אויפגעקומען.
און יעדער שטראַל פאַרמאָגט דאָס גאַנצע ליכט,
וואָס קאָן אויפסניי די גאָרע ערד געשטאַלטן. —
ער האָט נישט בלויז דאָס רעכט, נאָר אויך די פליכט
מיט יעדן טראָט די פינצטערניש צו שפאַלטן.

1954

# דער ניגון

און אויב דו מיינסט, אַז אין די נייע צייטן
מיין ליד וועט ווערן ביסלעכווייז אַנטשוויגן
און אין אַ לייכטן פֿליסטער זיך פֿאַרבייטן —
פֿאַרשטייסטו נישט דעם כּוח פֿון מיין ניגון.

ער וועט אויך אין די טעג פֿון פֿרייד און פֿרידן
נישט לאָזן פֿון דער ווייטקייט מיך פֿאַרשטעלן,
און זינגענדיק — מיין בלוט וועט ווייטער זידן,
ווי אים איז ליב, ווי אים בלויז וועט געפֿעלן.

ער וועט אויפֿסניי די אַלע זיבן פֿאַרבן
פֿון רעגנבויגן ברענגען אין די טרערן;
ער וועט נישט לאָזן, אַז מיין ליד זאָל שטאַרבן
און זאָל שוין מער דעם אומרו נישט געהערן.

1954

# ברודער מיינער

אָ, ברודער מיינער, כ'טרעף דיך אומגעריכט
אינמיטן טאָג, אין רוישנדיקן ליכט.
דער טרויער אין דיין בליק ליגט טיף און שטום,
דער שאָטן גייט דיר נאָך געהויקערט־קרום;
אַנטקעגן פרילינג ביסטו אַ קאָנטראַסט —
דו מיידסט אים, ווי אַ שעמעוודיקער גאַסט.

וואָס איז געשען דיר? אפשר איז ווער קראַנק?
צי האָט דיין האַרץ אַ ביס געטאָן די שלאַנג
פון קנאה? אָדער זעסטו נישט די זון וואָס שיינט,
דערפאַר ווייל ס'האָט פאַראַטן דיך דיין פריינד?
און אפשר איז געשטאָרבן דיר אַ קינד?
און אפשר איז דיין פרייד געוואָרן בלינד,
ווייל עמעצער האָט האַרב און אומגעריכט
דאָס היילקסטע, וואָס דו פאַרמאָגסט — פאַרשוועכט?

אָ, ברודער מיינער, כ'בין צו ווייניק דרייסט
דיר אָנצוואַרפן מיינע רייד פון טרייסט,
איך ווייס נישט, צי דיין טונקעלער פאַרדאַכט
וועט ווערן פון די ווערטער אָפּגעשוואַכט.
בלייבט איבער מיר אַן איינציקער באַגער:
אַז מיר זאָל אויף אַ ווייל זיין אַזוי שווער,
ווי דיר, כדי דו זאָלסט נישט זיין אַליין
אינמיטן טאָג מיט דיין פאַרשטיקט געוויין.

1954

# דערקענט

אַזויפֿיל מענטשן וווינען אין מיין לאַנד —
אוממעגלעך איז מיט אַלעמען זיך גריסן,
כאָטש יעדער איז מיט עפּעס מיר באַקאַנט,
ביי יעדן וויל איך עפּעס זיך דערוויסן.

אָפט טרעפֿט, אַז איך באַגעגן אַ געזיכט,
וואָס כ׳האָב געזען שוין אויף די קינאָ־בילדער;
אָפֿט טרעפֿט — מיר קומט אַנטקעגן אומגעריכט
אַ העלד, וואָס איז שוין אין אַ בוך געשילדערט.

איך קוק זיך איין: צי איז דאָס טאַקע דער,
מיט אַלע פּרטים און מיט אַלע שטריכן?
איך ווייס דאָך גוט, ווי זעלטן און ווי שווער
דער מענטש קאָן ווערן צו אַ העלד פֿאַרגליכן...

און דאָך טרעף איך כּסדר אים אין שטאָט
און איך געפֿין אַן ענלעכקייט ביי יעדן:
ביי דעם — אין בליק, ביי יענעמען — אין טראָט,
ביים דריטן — אינעם אופֿן פֿון זיין רעדן.

— פֿאַרבייגייער, אויב כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט,
דיר נאָכגעקוקט פֿאַרחידושט און פֿאַרבלענדט,
זיי מוחל, ווייל דאָס האָב איך יענעם העלד
געזוכט אין דיר, און אין דיר דערקענט.

1955

* * *

צי האט מיך דאס געריוש פון גאס צעטומלט?
צי איז די לאסט פון טאג געווארן שווער?
צי האט מיין אויג דאס ליכט נישט אויפגענומען?
צי איז פארטומפט געווארן מיין געהער?

און אפשר אין פערזענלעכע ענינים
האב איך פארפלאנטערט זיך און איינגעדרייט,
און אט דערפאר באהאלטן כ'האב מיין פנים
אין דראבנע זארגן און אין קליינער פרייד?

נישט ריכטיק, ניין! דאס הארץ האט נישט געשוויגן,
און נישט פארלוירן כ'האב די גלייכגעוויכט,
ווען טויזנט בוייער זענען אויפגעשטיגן
מיט ליים און ציגל צו דעם הויכן ליכט.

מיין אויג האט אלץ געזען און איינגעזאמלט,
נאר ווען איך האב געזוכט פאר דעם דאס ווארט —
האט אפט זיך אויסגעדאכט מיר, אז איך שטאמל,
אז נאך נישט אלץ פאר מיר איז אויסגעקלארט.

# איבערבייט

ס'איז איצטער האַרבסט פון ניינצן פיר און פופציק,
אַ יאָר דערנענטערט ווידער זיך צום סוף.
באַלד וועט אַ שניי, פאַרבלענדיק, און דופטיק,
די ערד פאַרדעקן צו דעם ווינטער־שלאָף.

איך ווייס שוין, אַז נישט בלויז די פוסטע פליינען
פאַרהילט אין ווייסקייט ווערן יאָר נאָך יאָר —
מיט יעדן ערשטן שניי הייבט אָן צו שיינען
ביי מיר אין קאָפּ אַ בינטל ווייסע האָר.

און דאָך — אין אַלע יאָרן וואָס פאַרגייען,
זע איך דאָס שענסטע אין דעם איבערבייט,
און, ווי אַ יינגל, מוז איך זיך נאָך פרייען
מיט אַלע ענדערונגען פון דער צייט:

מיט ערשטע קנאָספּן אויף די שוואַרצע צווייגן,
און מיט די פייגל, ליבע זומער־געסט,
און מיט די פעלדער נאָכן שניט אין שווייגן,
און מיט די שאַרפע ווינטן פון די פרעסט.

איך גלייב, אַז נאָר אַזוי וועל איך אַנטרינען
פון לעצטן שניי, פון אָט דעם ווייסן פלעק,
איך גלייב, אַז נאָר אַזוי וועל איך געווינען
אין מענטשלעכן געראַנגל מיט דער שרעק...

# פּאָרוים

מיין דוייער אין דער צייט איז אָנגעצייכנט,
און דאָך ווער איך אין איר נישט איינגעפּרעסט,
וויל דורך מיין קורצן לעבן קאָן איך גרייכן
די זון — אין איר אומענדלעכן פאַרמעסט.

וויל אויף קיין וויל ווער איך נישט אָפּגעריסן
פון דעם, וואָס קומט אַרום מיר פאָר און ווערט,
און ווי אַ ראָד אין ראָד — אַריינגעביסן
בין איך אין דער באַוועגונג פון דער ערד.

דער עבר מיט דער צוקונפט ווערט פאַרבונדן
דורך מיין טאָג־טעגלעכקייט אין קאַמף און מי. —
און אַטאָם־סטאַציע האָט זיך אָנגעצונדן,
יאָרהונדערטער באַלויכטן מיט איר גלי.

אויף רויע ערדן איז אַדורך דער אַקער,
און רוסלאַנד נערט זיך מיט דעם נייעם ברויט. —
עס טראָגט זיך מיין יאָרהונדערט ווי אַ פלאַקער,
און טרייבט אַראָפּ פון אונדזער ערד דעם טויט.

## ביים ערשטן רוף...

מיין נייע דירה האָב איך איינגעאָרדנט
מיט בלומען־טעפּ, מיט בילדער אויף די ווענט,
נאָר פון דער גאַס האָב איך זיך נישט פאַרבאָרגן,
די איינזאַמקייט האָב איך נישט אָנערקענט.

ביים ערשטן רוף — די טיר כ'וואָלט אויפגעבראָכן,
פאַרלאָזט וואָלט איך די שטילקייט פון מיין הויז,
און צו אַ נייעם יובל פון נצחון
איך וואָלט אַוועק אין איינעם רעקל בלויז.

זאָל קיינער נישט פּרובירן מיך פאַרהאַלטן,
זאָל קיינער וואַגן שטערן מיר מיין טראָט —
איך קאָן נישט אין קיין ווינקל זיך באַהאַלטן,
ווען צו מיין לעבן לאָקט אַ גאַנצע שטאָט.

דער דאַך ווערט שווער, די מויער שטיקט מיין שטימע,
אָפט ווילט זיך מיר צענעמען ברייט די הענט —
איך דאַרף אַ מיטינג אונטער פרייען הימל,
אַ הייסן רעדנער אויף אַ פּאָסטומענט!

די שטוב איז פול מיט שאָטנס פונעם מעבל,
נאָר איך אַליין קיין שאָטן וועל נישט זיין.
איך דאַרף דאָס ליכט פון רוישנדיקן לעבן,
די גאַס זאָל מיך פאַרכלינען מיט איר שיין!

## ליפּע־ביימער

אַ לאַנגע ריי פֿון שוואַרצע ליפּע־ביימער
איז פּלוצלינג אויסגעוואַקסן איבער נאַכט.
ווער ווייסט פֿון וועלכע ווינקלען אויף מיין היימערד
מען האָט זיי אין דעם האַרבסט אַהער געבראַכט?

ווו האָבן זיי געבאָדן זיך אין שלאַקסן,
און ווו האָט זיי די הייסע זון געבלענדט?
אין וועלכע וועלדער זענען זיי געוואַקסן,
ווען וואַרשע, אונדזער הויפּטשטאָט, האָט געברענט?

אַזויפֿיל שטורעמס האָבן זיי געמיטן,
אַזויפֿיל וויכגעס האָבן דורכגעוויעט,
נאָר ס'האָט די גוטע ערד זיי אָפּגעהיטן
פֿאַר אונדזער לעבן און פֿאַר אונדזער פֿרייד.

זיי שטייען נאָך פֿאַרלוירענע און שוואַרצע,
די וואָרצלען נעמען זיך אין באָדן אָן.
צי קאָנען זיי דען וויסן וואָס עס וואַרט זיי
אין אָט דער שטאָט פֿון אייזן און בעטאָן?

די מענטשן איילן און די רעדער יאָגן,
די הויכע הייזער זענען פֿרעמד און שטרענג,
און אין די נעכט — די העלע לאָמפּן טאָגן,
און צווישן שטיינער איז די וואָרצלען ענג.

נאָר ווען דאָס ערשטע גרינס וועט זיי באַנייען —
צום פֿרילינג איז דאָך מער נישט ווי אַ טראָט —
זיי וועלן פֿון דעם אומעט זיך באַפֿרייען
און זיך פֿאַרליבן אין דער נייער שטאָט.

# זיבניעריקע

לעאָן ספּאַרדן — אַ מתּנה

ווי ליכטיק ווערט אין וואַרשע אויף די גאַסן,
ווען קינדער הייבן אָן צו גיין אין שול!
פּאַרנומען ווערן אַלע ערשטע קלאַסן —
מיט זיבניעריקע זיי ווערן פול.

וואָס ברענגט מיט זיך אַ קינד אַזאַ פון זיבן,
מיט וואָס איז דאָס צום לעבן אויסגעשטאַט?
די העפטן זענען ריין, נאָך נישט פאַרשריבן,
אין בוך ווערט אויפגעמישט דאָס ערשטע בלאַט.

דאָס ערשטע בלאַט — מיט אותיות, וואָס שוועבן
נישט זיכער נאָך און אָן צוזאַמענהאַנג.
זיי דאַרפן פרייער זיך צוזאַמענלעבן,
ביז ווערן וועט פון זיי אַ זילב, אַ קלאַנג.

נאָר פון די זילבן וועלן ווערטער ווערן,
און פון די ווערטער ווערן וועט די שפּראַך,
וואָס עפנט אַלע־וועגן צו דער לערע —
און וואָס צו לערנען איז פאַראַן אַ סך!

דאָס ערשטע אות הייבט אָן זיך אויסצופּיקן
פאַר די, וואָס זענען אַלט ערשט זיבן יאָר. —
אין גאָר אַ ווייטן וועג אַוועקצושיקן
מיר גרייטן זיך דעם סאַמע יינגסטן דור!

# ווערמאַכט

אינמיטן טאָג — אַ פינצטערע ידיעה
שניידט דורך דעם הימל, ווי אַ שוואַרצע קראָ.
זי וויל דורכויס מיין קאָפּ אַריבערפליען
אויף אָנצוזאָגן מיר אַ בייזע שעה.

ס'איז איינגעאיבט און גוט געניט מיין אויער,
און די געפאַר דערהער איך שוין פון ווייט:
זי גייט אויף מיר מיט דראָענדיקן וואָיען,
זי קומט אָן פון דער מערבדיקער זייט.

די ווערמאַכט גייט! איך הער, ווי די באַנדיטן
מאַרשירן ווידער מיט דעם וועסעל־ליד.
איך האָב אַמאָל זיי גליקלעך אויסגעמיטן,
נאָר גוט באַקאַנט עס זענען מיר די טריט.

די ווערמאַכט גייט! אַ היטלערישע באַנדע
צילט ווידער אָן אַנטקעגן מיר דעם טויט,
און קעסעלרינג גיט ווידער די קאָמאַנדע —
דער הימל איבער מיר זאָל ווערן רויט.

נאָר ס'ווערט מיין גוף פון שרעק נישט איינגעבויגן,
מיין האַרץ ווערט מער פון אַנגסט שוין נישט פאַרקלעמט.
מיין הויט איז ווי אַ פאַנצער אָנגעצויגן,
ווייל די געפאַר איז מיר שוין מער נישט פרעמד.

ווייל נישט אַליין שטיי איך איצט קעגן שונא,
און נישט אָן מאַכט זיין אָנקום איך דערוואַרט:
פון אונדזער ערד די פרידלעכע באַוווינער —
איצט שטייען קעגן אים אין אַ מיליאַרד!

# אַ טויב אין פענצטער

צו מיר אין פענצטער איז היינט צוגעפלויגן
און זיך אַוועקגעזעצט אַ גרויע טויב.
זי האָט מיט אירע רויט־באַברעמטע אויגן
אַריינגעקוקט דורך יענער זייט פון שויב.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי איז פאַרוווּנדערט,
פאַרוואָס אַ מענטש איז אין זיין נעסט אַליין,
פאַרוואָס האָט ער זיך דאָרטן אָפּגעזונדערט
מיט שווערע ווענט פון ציגל און פון שטיין?

פאַרוואָס הערט ער נישט אויף אַרומצושפּאַנען
אין ענגן קאַמער פון דעם גרויסן הויז?
צי איז דען נישט קיין עפענונג פאַראַנען,
אַז ער זאָל פון געפאַנגענשאַפט אַרויס?

איך האָב דאָס פענצטער האַסטיק אויפגעעפנט,
די טויב האָט זיך צעפלאַטערט אין איין שרעק,
ווי ס'וואָלט די פליגל שווער געווען צו טרעפן —
און איז פאַרשוווּנדן, ווי אַ גרויער פלעק.

## מיין אָרקעסטער

מיר דאַכט זיך, אַז דאָס לעבן איז איין ניגון,
נאָר יעדעס יאָר — אַן אַנדער אינסטרומענט,
וואָס שפּילט כל־זמן דאָס בלוט וועט נישט אַנטשוויגן,
כל־זמן דאָס האַרץ וועט נישט פון גליק פאַרברענט.

— זאָל שפּילן פון מיין לעבן די קאַפּעליע!
זי האָט נאָך נישט דערגרייכט דעם העכסטן טאָן.
פאַראַן נאָך פאַרבן טונקעלע און העלע,
וואָס איך האָב נאָך מיט ליד נישט אָנגעטאָן.

איך לאַד אייך ווידער איין איצט, מיינע יאָרן,
איך לאַד אייך וויכער איין צו אַ קאָנצערט.
שטעלט אָן די סטרונעס אַלע פון זכרון,
און שפּילט אַזוי — אַז הערן זאָל די ערד!

די יאָרן פון דערוואַרטן און דערפאַרן,
די יאָרן פון דעם שוואַרצן סמאַטשער הויף,
די יאָרן פון געראַנגל, פון געפאַרן —
קומט ווידער אויף אַ ווײַלע זיך צונויף!

און צווישן זיי — די יאָרן מיינע בעסטע,
די לעצטע — גיב איך אָפּ דעם אויבן־אָן...
זאָל שפּילן פון מיין לעבן דער אָרקעסטער!
ער האָט נאָך נישט דערגרייכט דעם העכסטן טאָן.

נישט אויסגעפירט איז ביז צום סוף דער ניגון,
מיר דאַכט זיך אַלץ: עס פעלט אַן אינסטרומענט.
מיין בלוט וויל אַלץ נישט ווערן נאָך אַנטשוויגן,
דאָס האַרץ איז פון דער צייט נאָך נישט פאַרברענט.

סעפּטעמבער—אָקטאָבער, 1954

# יעדע פערצן מינוט

יעדע פערצן מינוט,
יעדע פערצן מינוט —
ווערט אין ווארשע געבוירן א קינד.
יעדע פערצן מינוט —
טוט אין חושך דער בליץ זיך א צינד.
יעדע פערצן מינוט,
יעדע פערצן מינוט —
ווייזט דער מענטש אויפדאסניי זיין געזיכט.
יעדע פערצן מינוט —
דווערט ער הונגעריק ווידער נאך ליכט.
יעדע פערצן מינוט,
יעדע פערצן מינוט —
שטרעקט ער אויס צו דעם לעבן די הענט.
יעדע פערצן מינוט —
אין יסורים די פרייד ער דערקענט.
יעדע פערצן מינוט,
יעדע פערצן מינוט —
און זיין זון האט דעם ערשטן פארגאנג.
יעדע פערצן מינוט —
און געשטילט ווערט זיין ערשטער פארלאנג.
יעדע פערצן מינוט,
יעדע פערצן מינוט —
פלעכט ער איין נאך א רינג אין דער קייט.
יעדע פערצן מינוט —
קומט ער שנעלער און ווי ער פארגייט.

יעדע פערצן מינוט,
יעדע פערצן מינוט —
ווי א בלום וואלט זיך פלוצלינג צעבליט.
יעדע פערצן מינוט —
און עס קאן נישט דערטראגן מיין ליד.
יעדע פערצן מינוט,
יעדע פערצן מינוט —
און אזויפיל מינוט אין די טעג,
און אן אויפהער גייט אן דאס געיעג
צווישן מיר און דער אייביקער צייט —
צי וועט סטייען מיר אטעם אויף ווייט,
צי וועט מיך נישט פארכלינען דער ווינט?
יעדע פערצן מינוט,
יעדע פערצן מינוט —
ווערט אין ווארשע געבוירן א קינד.

אָקטאָבער, 1954.

# די לעצטע חורבה

אַ העלפֿט פֿון אונדזער גאַס איז אויפֿגעבויט,
די צווייטע העלפֿט — מען האַלט שוין אין דערבויען,
אַן עלעוואַציע, ווי אַ ווייסע הויט,
פֿאַרציט דעם פֿרישן ציגל־רויט דעם רויען.

איך גיי אינמיטן ברוק. דער טראָטואַר
פֿאַרוואָרפֿן איז מיט קאַלך און בוי־מכשירים.
די רעדער לויפֿן, ס׳מיידט מיך די געפֿאַר —
אַן אויטאָ יאָגט פֿאַרביי און איך באַריר אים.

און פּלוצים טוט אין אויג אַ שניט דאָס ליכט
פֿון בלאַנקן רוים אין אויסגעברענטע לעכער:
אויף אונדזער גאַס דערזע איך אומגעריכט
די לעצטע חורבה צווישן נייע דעכער.

געבליבן איז די דרויסנדיקע וואַנט —
דער גאַנצער אינגעווייד איז איינגעזונקען,
זיך אויסגעשמאָלצן אין דעם העלן בראַנד
און אויסגעקרישלט זיך אין רויטע פֿונקען.

געבליבן אין דער חורבה איז נאָך גאַנץ
דאָס שוואַרצע טיפֿע פֿענצטער פֿון אַ קעלער.
פֿון אינעווייניק שיינט אַרויס דער גלאַנץ
פֿון קינדער־בליק, וואָס איז פֿון הימל העלער.

מיט ווייניק ווערטער פֿון מיין פּראָסטער שפּראַך
האָב איך געזאָגט צום ערשטן בעסטן בויער:
— דערפֿיר דאָס הויז וואָס שנעלער ביזן דאַך,
דיר קוקן נאָך די אייגעלעך, די בלויע!

1954

# עקסמיסיע

אַ יאָר שוין זוין איך אין די נייע ווענט.
די שויבן. מיינע זעגען פול מיט בלענד
פון הימל און פון ליכטיקן מעטאַל —
דורך זיי לויפט מיט דער שנעלקייט פון אַ שטראַל
מיין בליק, וואָס נעמט אַרום די גאַנצע שטאָט,
און דאָס באַוועגן זיך פון טראָט און ראָד.
איך זע די ווייסל און די בריק, וואָס בינדט
די ברעגן אירע און איך פיל דעם ווינט,
וואָס הייבט זיך אויף פון שטויב און פון רואין;
די גאַס, וווּ כ'וווין, איז גאַנץ, דאָס גראָז איז גרין.
נאָר ס'טרעפט נאָך אָפט — דער הרויסן ווערט פאַרשטילט —
ווי אויסגעשטראָכן ווערט דאָס גאַנצע בילד
דורך אייזן-שטאַנגען פון דער קערבעדזש-בריק. —
צו דער פאַרגאַנגענהייט איך קום צוריק.

— — — — — — — — — — — —

און איך דערזע מיין מאַמע, ווי זי גייט
אין סאַמע מיטן ברוק און זי באַגלייט
דאָס וועגעלע, וואָס פירט איר האָב און גוטס
און זוכט פאַר דעם אַ ווינקל און אַ שוץ.
צי איז איר הויז געוואָרן אָפּגעברענט?
צי האָט אַ שטורעם איינגעלייגט די ווענט?
אָ, ניין! זי איז געוואָרן עקסמיסירט
מיט אירע גראַטעס, מיט איר קיך-געשיר.
איצט גייט זי נאָך דעם וועגעלע אין גאַס,
איר אויג איז פוסט — נישטאָ צומאָל קיין האַס,
וואָס זאָל איר קרעפטיקן אין אָט דעם גאַנג —
די שטאָט איז פרעמד, דער וועג איז שווער און לאַנג.
צום וועגעלע אַ מענטש איז איינגעשפאַנט,

(דעם מענטשנס קראַפט איז ביליק אין חעם לאַנד
און ווייניקער נאָך חשוב ווי פון פערד),
צוויי־פיסיק ראַנגלט ער זיך מיט דער ערד.
מיין מאַמע גייט פון הינטן און זי וואַכט
עס זאָל, חלילה, נישט די מינדסטע זאַך
פאַרלוירן ווערן צווישן לויזע שטריק —
אַזוי שפּאַנט זי אַדורך די קערבעדזש־בריק,
און הייבט אָן שטייגן אויף דעם נאָווי־זיאַזד,
(אין וועגעלע ווערט דריי מאָל שווער די לאַסט,
ביים מענטש די אויגן ווערן פול און גרויס,
די רעדער זאָגן־אָפּ צו גיין פאָרויס),
און טראָט נאָך טראָט זי קלעטערט באַרג־אַרויף —
אַ קורצע גאַס, און ס'נעמט אַלץ נישט קיין סוף!
און ס'הייבט זיך אָן צו וועקן איר פאַרדראַס,
ווען זי קומט אָן צום קעניגלעכן שלאָס.
דאָס פענדל פלאַטערט אויף דער מאַסט און בלענדט —
אין שיינעם פּאַלאַץ וווינט דער פּרעזידענט,
און פּאָליציי ביים טויער האַלט די וואַך.
נאָר גראָד אויף אָט דעם אָרט די שטריק ווערט שוואַך,
אַ כלי גליטשט אַרויס זיך פון געפּעק
און בראַזגענדיק זי קייקלט זיך אַוועק
מיט זידלעריי לויפט אָן אַ פּאָליציאַנט
און גיסט מיין מאַמע אָפּ מיט שפּאָט און שאַנד,
ביז זי באַקומט זיך פון דעם פּלאַץ אַרויס. — — —
— — — — — — — — — — —
און איך רייס אויף די פענצטער פון מיין הויז.
מיר דאַכט זיך, אַז פון צוואַנציק יאָר צוריק
מיין מאַמע גייט נאָך אויף דער קערבעדזש־בריק.
איך הייב אָן שרייען: — מאַמע, דאָ אַהער! —
נאָר ס'קאָן מיין שטים נישט גרייכן איר געהער;
איך גיב איר צייכנס: — מאַמע, נעם פאַרפאָר
צו מיר! — נאָר ווי אַ וואַנט עס שטייט די וואָר,
און נישט פאַרהאַלטן בין איך שוין אימשטאַנד
איר וואַנדערונג אין טרויעריקן לאַנד.

סעפּטעמבער, 1954

## צו די פוילישע יידן אין אמעריקע

אין אייערע רוישיקע רייזיקע שטעט
זאָל שווייגן אַ ווייל דאָס געהודער:
איך וויל, אַז דערהערן זאָלט איר, ווי עס רעדט
אַ פּוילישער ייד און — אַ ברודער!

ניִשטאָ צווישן אונדז קיין שום אייזערנע וואַנט,
קיין שטח, וואָס טיילט אונדז פאַנאַנדער.
זאָל טרעפן צום האַרץ און צום ריינעם פאַרשטאַנד —
מיין וואָרט אין אַליאַרם־רוף פאַרוואַנדלט.

ניִשט איינער פון אייך זיין ינייקה נאָך ציט
פון פוילישן וואַלד און זיין שאָטן —
אַ פוילישער ייד בלייבט אַ פוילישער ייִד,
ביז וואַנען ס'וועט סטייען אים אָטעם.

צו אייערע שטובן אין ווייטן ניו־יאָרק
פלעגט גרייכן דער בריוו פון אַ מאַמען.
די פשוטע שפּראַך פון איר ליבשאַפט און זאָרג
האָט איבערגעשריגן די ימען. —

איך רעד איצט צו אייך, ווי אַ פוילישער ייד,
וואָס איז ערשט אַרויס פונעם פייער.
דאָס אָרט איינעם לאַנד פון מיין עבר איך היט —
די פוילישע ערד איז מיר טייער.

מיר זענען אין צאָל נישט געבליבן קיין סך,
נאָר איך האָב די רעכט צו דערמאָנען,
און הערן מוז אַלץ נאָך די וועלט אין מיין שפּראַך —
די שטים פון דערשטיקטע מיליאָנען.

פאַרנעמט זייער שטים איבער יענער זייט ים,
זיי פּוילישע יידן, ווי ברידער!
די מערדער, וואָס האָבן אונדז נעכטן געסמט —
די מערדער באַוואָפנט מען ווידער!

און נישט קענען אונדז בלויז זיי ווערן געגרייט —
אויך אייערע איז די סכנה.
מיליאָנען פון ניו־יאָרק, פאַרנעמט איצט די רייד
פון פּוילנס פאַרברענטע מיליאָנען!

1954

## צו מיין פעגאז

מיין פלינקער און טרייער פעגאז,
פולבלוטיק און פיבערדיק פערד!
די פליגל פון ליבשאפט און האס
דיך טראגן נאך איבער דער ערד.
דיין גריוועז באדעקט איז מיט שוים,
און יעדער דיין טראט שלאגט א פונק,
נאר איך האלט דיך פעסט און איך צוים
דיין שנעלקייט פון פלי און פון שפרונג.
פארוואקסן בין איך אין דיין קארק
און פיר מיט דיין ווילדן גאלאפ
ארויף צו דעם שנייאיקן בארג
און שפעטער — צום אפגרונט אראפ.
פון אומרו עס ציטערט דיין פעל,
א פייער גייט אויף פון דיין לייב.
אויף דיבאם גיסט אפט זיך א שטעל,
נאר איך אויף דיין רוקן פארבלייב.
מיין פלינקער און טרייער פעגאז!
איך ווייס, אז דו וועסט מיך אמאל
פארפירן צוריק צו דער גאס,
וואס ליגט ביי דער ווייסל אין טאל.
וועסט מיינען, אז איך בין שוין מיד,
און מיר האט שוין אטעם פארפעלט,
און דו וועסט אליין מיט מיין ליד
אוועקיאגן איבער דער וועלט.

1955

# און אויב עס טרעפט...

און אויב עס טרעפט, אַז אָן אַ שום פּאַרוואָס
באַפאַלט אין פרילינג פלוצים מיך דער אומעט,
און טונקל ווערט די ליכטיקייט פון גראָז,
און אויסגעלאָשן ווערן אַלע בלומען,
און אינעם רוים די בלויע פאַרב ווערט קאַלט,
און שוואַלבן פליען אומבאַמערקט אַריבער,
און ווי אַ שאָטן בייגט זיך מיין געשטאַלט —
איך ווייס שוין, וואָס עס איז דערפון די סיבה.
קאָן זיין, אַז נעבן מיר, אָט דאָ נישט ווייט,
צום בעט ליגט צוגעשמידט אַ פרוי אַ בלייכע,
און פאַר איר לעבן בין איך יענע זייט,
צו וועלכער זי וועט קיינמאָל שוין נישט גרייכן.
דאָס איז דער לעצטער פרילינג אין איר קרענק —
דאָס זעניען שוין די לעצטע טוליפּאַנען,
וואָס יעמיץ האָט מיט ליבשאַפט איר געשענקט —
מיט איר צוזאַמען וועלן זיי פאַרוויאַנען.
קאָן זיין, אַז אין דעם ליכטיקן קוואַדראַט
פון פענצטער זעט זי בלויז אַ שטיקל הימל,
נאָר דאָס איז שוין גענוג, אַז טריב און מאַט
זאָל ווערן פונעם פרילינג יעדער סימן.

איך האָב אין איינעם אַזאַ טאָג געוואַכט
ביים בעט פון מיין געליבטער און געטרייער,
און ביז זי האָט די אויגן צוגעמאַכט
האָט מיך געשטיקט איר פיבער און איר פייער.

ערשט ווען זי האָט פון מיר זיך אָפּגעשיידט
און אויסגעבראָכן איז דער קוואַל פון טרערן —
איז נעבן טרויער באַלד געווען שוין גרייט
דער פרילינג, אַז איך זאָל אים ווידער הערן.

מאַי, 1955

# אין דער פרעמד

די צייט האָט פאַרהיט
דעם עכאָ פון טריט
אויף איינער אַ גאַס אין פּאַריז.
איך הער נאָך דיין גאַנג —
דאָס ריטמיש געזאַנג
פון אַספאַלט אונטער די פיס.
דאָס איילסטו צו מיר,
בלייבסט שטיין פאַר דער טיר
פון צימער אין קאַלטן האָטעל.
און פונקט ווי אַמאָל,
דו קלאַפּסט אָן דריי מאָל —
איך פיר דיך אַריבער דער שוועל.
דו זאָגסט נישט קיין וואָרט,
בלייבסט שטיין אויפן אָרט,
דו שטרעקסט בלויז צו מיר דיינע הענט.
אויך איך בין איצט שטום —
איך נעם דיך אַרום,
און ביידע מיר בלייבן פאַרבלענדט.
דער דרויסן איז פרעמד,
דאָס האַרץ ווערט פאַרקלעמט
פון בענקשאַפט צום אייגענעם לאַנד.
די ליבשאַפט אַליין
איז דאָס שטילע געוויין,
וואָס פירט אונדז צונויף זאַלבענאַנד.

דער הימל איז קאַלט —
די אויגן באַהאַלט —
ווי ווייט איז צו פּוילן, ווי ווייט!
דו זוכסט איצט אַ שוץ —
מיין ליבשאַפט און גוטס —
דו שווייגסט, נאָר דאָס בלוט אין דיר שרייט.
איך שווער ביי מיין גליק:
וועסט קומען צוריק,
וועסט קומען, אויך איך וועל דאָרט זיין.
דו ענטפערסט נישט אָפּ,
דו בייגסט איין דעם קאָפּ
און הערסט אין די ווערטער זיך איין.
די צייט האָט פאַרהיט — — — —
פון שובערטס אַ ליד
עס גרייכט אונדז אַ ווייטער רעפרען.
דו בייסט איין די ליפּ,
איך הער נאָך דיין כליפּ,
ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן געווען.
איך ווייש אָפּ דיין טרער,
נאָר איך אַליין הער
דאָס ליד און פאַרפרעס מיינע ציין.
אין האַלדז איך פאַרהאַלט
די טרערן, נאָר באַלד
זיי רייסן זיך דורך — און איך וויין.

יוני, 1955

## אויפֿן טויט פֿון עזרא פֿינינבערג

צי איז אומזיסט דער שניי געוואָרן שוואַרץ?
צי איז אומזיסט אַזוי אויך אויף מיין האַרץ?

אַ גאַנצע נאַכט, ביז כ'האָב זיך אויפֿגעכאַפּט,
האָט עמיץ אין מיין חלום אָנגעקלאַפּט.

צי האָט אומזיסט דער ווינט אַזוי געיאָגט?
צי האָט אומזיסט דער טאָג אַזוי געטאָגט?

פֿאַרוואָס האָב איך נישט אויסגעהערט דעם ווינט?
פֿאַרוואָס בין איך אין שלאָף געבליבן בלינד?

קאָן זיין, ער האָט געעפֿנט שטיל די טיר,
קאָן זיין, ער האָט מיין שלאָף נישט אָנגערירט,

און אָן אַ שאָרך זיך צוגעזעצט צום טיש
און אין מיין בוך אַ בלעטל אויפֿגעמישט.

קאָן זיין, ער איז געווען אַ גאַנצע נאַכט,
קאָן זיין, אַז ער האָט דאָ אַזוי געוואַכט,

ביז ער האָט אָפּגעטאָן זיך פֿון זיין ליד,
וואָס ער האָט מיט זיין אָטעם דורכגעגליט.

מאָסקווע, 1947

## צווישן וואַר און שלאָף

פאַרוואָס קומט אָן דער שלאָף מיר אַזוי שווער?
פאַרוואָס קאָן איך די אויגן נישט פאַרמאַכן?
אויף מיין געלעגער אָנגעשטרענגט איך הער,
ווי אינעם צימער שושקען זיך די זאַכן.
אַ סקריפּ פון דיל, אַ פליסטער פון פּאַפּיר,
אַ שעפּטש, אַ פלאַטער און אַ שאָרך אַ מינדסטער,
אַ קרעכץ אַן אומגעריכטער פון דער טיר —
דאָס אַלץ נעמט הילכיק שרייען אין דער פינצטער.

די שטילקייט פון דער נאַכט ווערט אויסגעפרווט
דורך אַלע האַלבע סודותדיקע קלאַנגען.
געווג די קלענסטע רעגונג פון דער לופט —
דער אומרו זאָל מיך ביזן בלוט דערלאַנגען.
אין יענער שעה פון צווישן וואָר און שלאָף
מיין גוף גייט דורך דעם ציטער און דעם צאַפּל.
דער טאָג, וואָס איז פאַרשוווּנדן, ווערט אַ שטראָף,
דער טאָג, וואָס קומט ערשט אָן — אַ שווערער שטאַפּל.

נאָר פון דעם אַלעם לייזט מיך אויס אַ קינד,
וואָס הייבט אויף יענער וואַנט-זייט אָן צו שרייען.
די קאַלטע שטיקנדיקע אַנגסט פאַרשווינדט,
פון האַלבע קלאַנגען נעם איך זיך באַפרייען.
אויף יענער זייט פון וואַנט אַ מאַמע זינגט
איר ליד אָן ווערטער — מאָנאָטאָן, צעצויגן.
דאָס קינד ווערט רואיק און די נאַכט ווערט גרינג,
און ביי דעם ליד — אויך איך פאַרמאַך די אויגן.

1955

# ווי ווערט דיר נישט דערעסן?

יעדן טאָג די זעלבע זאַך,
אַלץ באַשטימט איז פון פאָרויס.
פון דיין אויסגעקלאַפטער שפּראַך
הונדערט ווערטער ניצסטו אויס.

ווי ווערט דיר נישט דערעסן?

נישט האָסט ליב און נישט האָסט פיינט,
האַרט ווי שטיין איז דיין געזיכט.
מאָרגן זיין וועט דאָס וואָס היינט,
היינט — בלויז וואָס האָסט זיך געריכט.

ווי ווערט דיר נישט דערעסן?

גראָד און זיכער איז דיין גאַנג,
אָפּגעציילטע גלייכע טריט,
גלאַט און גאָל ווי דיין געדאַנק —
קיין שום שטרויכלונג אין דער מיט.

ווי ווערט דיר נישט דערעסן?

אָן דעם אומרו אין דיין טאָג,
אָן דעם חלום אין דיין שלאָף,
איז דיין לעבן נישט קיין פּלאָג?
פילסטו עס נישט ווי אַ שטראָף?

ווי ווערט דיר נישט דערעסן?

1955

## מיין שפּראַך

מער ווײ ווי גליק איז מיר געווען פֿאַרגרייט,
נאָר מיט מיין שפּראַך געשען איז פּונקט קאַפּויער:
געצויגן האָט זי אָפֿטער צו דער פֿרייד,
און זעלטענער באַדינט האָט זי דעם טרויער.

פֿאַר יעדן גרעזל און פֿאַר יעדער בלום
האָט זי געהאַט אַ נאָמען און אַ צייכן,
נאָר פֿאַר דעם טויט איז זי געוואָרן שטום
און נישט געקאָנט דעם אָפּגרונט אירן גרייכן.

דעם ווייסטן פּחד האָט זי נישט געטרויט,
די ווערטער גרוויליקע האָט זי געמיטן —
אויף יענעם אָרט, וווּ ס'הייבט זיך אָן דער טויט,
האָט מיטאַמאָל איר שטראָם זיך אָפּגעשניטן.

מיין שפּראַך נעמט איר באַוועגונג פֿונעם האַרץ,
און אין דעם לעבן בלויז קאָן זי וויברירן.
דער טויט האָט שטענדיק איין קאָליר נאָר: שוואַרץ,
פֿאַר אים האָט אויך מיין שפּראַך נישט קיין קאָלירן.

1955

* * *

דאָס לעבן איז גרויזאַם און האַרב —
איך זיץ ביי אַ מענטשן, וואָס שטאַרבט,
און אַלץ, וואָס איך קען און איך ווייס,
פון ווערטער, וואָס טויגן אויף טרייסט,
פאַרשווינדט פון מיין מענטשלעכער שפּראַך —
דער טויט שטייט שוין פּעסט אויף דער וואַך.
דער רויש פון די בלעטער אין ווינט,
דאָס שאַרפע געשריי פון אַ קינד,
דאָס ווייטע געררויש פון דער שטאָט —
דאָס אַלץ איז דער טייטש בלויז: אַ שאָד.
ס'איז איצט גראָד די צייט פונעם בלי,
פון שוואַלבן און זון אין דער פרי,
נאָר ווי טוט דאָס אויג פון דער פאַרב —
איך זיץ ביי אַ מענטשן, וואָס שטאַרבט.
דאָס איז אין דעם גרויסן שפּיטאָל,
זוו זעלטן ווער שטאַרבט אויף אַמאָל —
דאָס לעבן טריט אָפּ און ווערט שוואַך —
דער טויט שטייט שוין פעסט אויף דער וואַך.
האָלט איצטער געלעגן אַ שניי —
וואָלט קלענער געווען דען דער ווי?
וואָלט איצטער דער האַרבסט-ווינט געקלאַגט —
וואָלט איך עפּעס אַנדערש געזאָגט?
ניין, ניין! ס'איז נישט שולדיק די צייט —
זי ענדערט דאָך בלויז און פאַרבייט,
דער טויט קומט נאָר פרי און פאַרדאַרבט —
איך זיץ ביי אַ מענטשן, וואָס שטאַרבט.

יוני, 1947

# אין דעם זעלביקן קלייד

דעם אָנדענק פון גאָלדען

ס׳ען האָט דיך פאַרהילט אין דעם זעלביקן קלייד,
וואָס דו האָסט אַמאָל זיך אין פוילן גענייט —
אין קלייד פון דעם ליכטיקן הימל־קאָליר.
דו האָסט פאַר דיין טויט דאָס געבעטן ביי מיר:
דאָס ראָזע און גרינע — ציטעריל און צעשיענק,
דאָס שוואַרצע — באַהאַלט פאַר דעם קינד און געדענק,
אין בלויען — פאַרוויקל, באַהאַלט מיין געביין,
ווען דו וועסט מיך לאָזן אין קבר אַליין.

מ׳ען האָט דיך פאַרהילט אין דעם זעלביקן קלייד,
וואָס האָט מיך דערמאָנט אין דיין יוגנט און פרייד,
ווען דו ביסט אַמאָל אין דעם גליקלעכן לאַנד
געגאַנגען געאָרעמט מיט מיר זאַלבענאַנד.
דו האָסט שוין געוווּסט, אַז דיר איז נישט באַשערט
צו קומען צוריק אויף דער פּוילישער ערד,
אַז איצט איז פון האַרטן געבליבן פאַר דיר
נישט מער ווי דאָס קלייד פון דעם הימל־קאָליר.

מ׳ען האָט דיך פאַרהילט אין דעם זעלביקן קלייד.
ווער האָט דיך צום מאָסקווער בית־עולם באַגלייט?
בלויז איך און צוויי גוטע — די נאָענטסטע פריינד.
די זון האָט אינמיטן פון זומער געשיינט,
די שטילקייט האָט קיינער נישט איבערגעוועקט,
דיין אָרון געווען איז פאַרקלאַפּט און פאַרדעקט,
און איך האָב געוואַרט אויף דיין לייכטן באַריר
אין קלייד פון דעם ליכטיקן הימל־קאָליר.

## דער ריח פונעם פריש־געבאַקן ברויט

די אַלע ריחות, וואָס די גוטע ערד
האָט איבער מײַנע יאָרן מיר פאַרטרויט —
זיי האָבן נישט פאַרשלאָגן און צעשטערט
דעם ריח פונעם פריש־געבאַקן ברויט.

פאַרשיכורט האָט מיך אָפט די הייטע רויז,
איר דופט האָט אָפּגעבריט מײַן בלייכע הויט,
און טרײַ מײַן לעבן איז געבליבן בלויז
דער ריח פונעם פריש־געבאַקן ברויט.

אַרײַנגעאָטעמט האָב איך פון דער פרוכט
דעם אַראָמאַט פון רעגן און פון טוי,
און שפּעטער האָב איך ווידער אויפגעזוכט
דעם ריח פונעם פריש־געבאַקן ברויט.

פאַרוואָס איז אָט דער ריח אַזוי שטאַרק,
אַז ער באַגלייט מיך ביז צום סאַמע טויט?
ווײַל אין מײַן קינדהייט האָט מען מיר געקאַרגט
דעם ריח פונעם פריש־געבאַקן ברויט.

יולי, 1955

# פֿאַרשווינד

דו האָסט די וועלט מיט שקיעה אויסגעפֿאַרבט.
דו זינגסט בלויז וועגן דער נאַטור, וואָס שטאַרבט.
דיין ניגון איז דאָס וואָיען פֿונעם ווינט,
און טייער איז דיר דאָס נאָר, וואָס פֿאַרשווינדט

דו מיידסט אוים יעדן פֿרישן, שאַרפֿן טאָן.
דו שרעקסט זיך פֿאַר דעם נייעם, וואָס קומט אָן.
אין רויש פֿון טאָג דו הערסט נישט קיין געזאַנג —
דו שעפּסט באַגייסטערונג פֿון אונטערגאַנג.

דו גייסט אַוועק און מיינסט, אַז אַלץ פֿאַרגייט.
דו לייקנסט אָפּ די יוגנט און די פֿרייד.
אַ מידער קוקסטו אום זיך אויף צוריק —
דו לייקנסט אָפּ די צוקונפֿט און דאָס גליק.

און איך בין גרייט דיר מוחל זיין דיין זינד.
בלויז איין זאַך ווינטש איך געבן דיר: פֿאַרשווינד,
און שלעפּ נישט מיט די לעבעדיקע ערד,
וואָס האָט פֿאַרלוירן בלויז פֿאַר דיר דעם ווערט.

מאַי, 1955

## נישט צום שענקען

דאָס וועל איך קיינמאָל נישט די שונאים שענקען:
זיי פּרוּוון מיך אָן אויפֿהער אָפּצולענקען
פֿון גראָדן וועג אין צוטרוי און אין גלויבן —
זיי ווילן פֿון דער גוטסקייט מיך באַרויבן.
זיי הויערן אין ווינקלען, ווי די שפּינען,
און אין די דינגעוועבן פֿון דער שנאה —
זיי ווילן מיך פֿאַרפּלאָנטערן און בינדן,
און שפּעטער — מיט אַ בים אין האַרץ פֿאַרוווּנדן.
איך האָב אַזויפֿיל פֿריינדשאַפֿט צו צעטיילן:
אַזויפֿיל — אויף צו מילדערן און היילן,
אַזויפֿיל — אויסצוגלעטן אַלע זאָרגן —
אַזויפֿיל ליבשאַפֿט איז אין מיר פֿאַרבאָרגן.
נאָר אָפֿט זיי צווינגען מיך דאָס צו באַהאַלטן,
און צווישן מענטשן זוכן די געשטאַלטן,
וואָס וואַרטן אין באַהעלטעניש און דראָען —
אָט די, וואָס זענען אויסן בלויז מיין רעה.
ווען, ווי אַ שווערד, מיין וואָרט געווען וואָלט מעכטיק,
וואָלט איך דערגרייכט זיי גרויזאַם און גערעכטיק,
וואָלט איך פֿון זיי דאָס לעבן אויסגערייניקט!
איך ווייס, אַז אין דער צאָל זיי זענען ווייניק,
און דאָך מוז איך נאָך קעגן זיי זיך וועדן —
זיי זאָלן אין מיין ליבשאַפֿט מיר נישט שטערן.

# היראָשימאַ

פֿון אונדזער צייט וועט בלײַבן ווי אַ פֿלעק
די אויסגעברענטע ערד פֿון היראָשימאַ.
די אַטאָם־קראַפֿט באַפֿרייט האָט זיך אין שרעק,
דער חורבן איז געווען איר ערשטער סימן.

געקומען איז זי ווי אַ ווילדע שטראָף
אויף צו פֿאַרניכטן און אויף אויסצוראָטן;
זי האָט אַ גאַנצע שטאָט אינמיטן שלאָף
דורך איין מינוט אין שטויב און אַש צעשאָטן.

געהאָנגען איז דער בלענדנדיקער שוואָם
פֿון אויפֿרייס, ווי דאָס פֿײַער פֿון גיהנום;
דער ווינט האָט אין אָנגעגליטן שטראָם
פֿאַרוואַנדלט זיך און אָנגעהויבן ברענען.

דער ים האָט אויפֿגעזאָטן פֿון דער היץ,
און ווי מיט לאַווע אָפּגעקאָכט די ברעגן —
מיט יעדן טראָפּן איז אַ שאַרפֿער בליץ
געפֿאַלן אין דעם מבולדיקן רעגן.

דאָס קלענסטע שטויבעלע האָט אויסגעבריט
אַ וווּנד אין לײַב אויף קיינמאָל נישט צו היילן.
און יעדע וווּנד וועט בלײַבן אָנגעגליט,
ווי לאַנג די מענטשהייט וועט די דורות ציילן. —

אַפּילו דעמלט, ווען זי וועט אַוועק
אין רייזעס צו די שטערן אויפֿן הימל. —
פֿון אונדזער צייט וועט בלייבן ווי אַ פֿלעק
די אויסגעברענטע ערד פֿון היראָשימאַ.

1955

## די אותיות דריי: ק.פּ.פּ.

די פּאָן שווימט אַרויס פון דער ווייט,
און אותיות דריי איך דערזע.
זיי האָבן געחתמעט מיין צייט —
די אותיות דריי: ק.פּ.פּ.

מיין יונגנטלעך הונגער־געשריי,
דאָס ליד פון מיין ערשטן פאַרלאַנג,
איך האָב ווי אַ הימן דער פּאַרטיי,
געזונגען אינמיטן דעם גאַנג.

מיין לשון געווען איז נאָך רוי
און אָרעם אין אויסדרוק און פאַרב,
נאָר נאָענט געווען איז דער רויט
פון פאָן, ווי דאָס בלוט פונעם האַרץ.

אַ לאָזונג אויף שטיינערנעם ברוק,
אַ פלוגבלעטל העקטאָגראַפירט —
און דאָס איז געווען שוין גענוג,
מיין ליבשאַפט זאָל ווערן געירט.

אַ פּאַדפּונקט אויף ערגעץ אַ ראָג,
אַ פּנים, אַ קורצער פּאַראָל —
און דאָס האָט באַקומען די וואָג
פון ווייטיק און פרייד אין מיין קול.

און דאָס רייסט אויפסניי זיך אַריין
אין איצטיקן ליד און איך זע
די רויטע און בלוטיקע שיין
פון אותיות דריי: ק.פּ.פּ.

נאָוועמבער, 1955

# באַלוינונג

מיר האָבן אונדזער פֿריינדשאַפֿט טיף פֿאַרבאָרגן
און ס'איז די צאַרטע שפּראַך געווען אונדז ווייט.
אין יענע טעג פֿון אָנגעשטרענגטע זאָרגן
געסטייעט האָט אונדז נישט דערויף קיין צייט.

מיט אונדזער ליבשאַפֿט פֿלעגן מיר זיך שעמען,
כאָטש נישט אין האַרץ געווען איז מיט איר פֿול —
דער אומרו האָט זי נישט געקאָנט פֿאַרנעמען,
דאָס לעבן איז געווען אַ האַרטע שול.

פֿאַר אונדזער אַרבעט פֿלעגט מען אונדז נישט לויבן,
פֿאַר קלעפּ און תּפֿיסה האָט מען נישט געדאַנקט.
דער גרעסטער לוין איז אונדז געווען דער גלויבן,
אַ פֿרייד — ווען די פּאַרטיי האָט אונדז פֿאַרלאַנגט.

דערפֿאַר, קאָן זיין, איז ביז אַצינד געבליבן
די ליבשאַפֿט אָפּגעהיטן נאָך און גאַנץ,
און יענע צאַרטקייט, פֿון דער צייט פֿאַרטריבן,
קערט אום זיך ווידער אין איר פּראַכט און גלאַנץ.

און אַט די ליבשאַפֿט האָפֿן מיר צו שווינען,
ווען ס'הייבן אָן צו ווערן גרוי די האָר,
זי וועט אונדז אין דער נייער צייט באַלוינען
פֿאַר יעדן טאָג פֿון יעדן שווערן יאָר.

יוני, 1955

# אַ מיטגליד

אַ שאָד, וואָס כ׳קאָן דעם טאָג זיך נישט דערמאָנען,
די דאַטע איז אינערגעץ נישט געבליבן —
אין דער פּאַרטיי פֿון אומלעגאַלע פּאַנען
קיין פּראָטאָקאָלן האָט מען נישט געשריבן.

ס׳איז אויך די גאַס אַרויס מיר פֿון זכרון,
און אָפּגעווישט איז שוין פֿון הויז דער נומער —
דאָס צימער, וווּ עס איז באַשטימט געוואָרן,
אַז איך אין דער פּאַרטיי ווער אָנגענומען.

אין ענגן קרייז פֿון נאָענטע חברים
קום איך אָן נאָך מיין אַרבעטס־טאָג אַ מידער.
זיי דאַרפֿן מיין ביאָגראַפֿיע נישט צו הערן:
איך האָב זיי אָנגעשריבן אין די לידער.

און דאָך — איך וואַרט מען זאָל מיך איבערפֿרעגן,
צי קאָן מען מיינע ערשטע לידער גלויבן?
— איז אַלצדינג קלאָר? איז קיינער נישט דאַקעגן? —
און ס׳האָבן אַלע הענט זיך אויפֿגעהויבן...

מען איז דערנאָך צום צווייטן פּונקט אַריבער,
און כ׳האָב אין דער דיסקוסיע זיך באַטייליקט. — — —
פֿון דעמלט אָן האָב איך מיין האַס און ליבע
דעם קאַמף און זיג פֿון מיין פּאַרטיי געהייליקט.

1954

# אין ריטם פון „אינטערנאַציאָנאַל"

דאָס נייִע ליד איז דרייסט און שיין
און לויפֿט דורך לענדער, ווי אַ שטראַל.
נאָר איך האָב אַליין נאָך ליב צו גיין
אין ריטם פון „אינטערנאַציאָנאַל".

געדענק דער ערשטער האַרביער טאָן,
די ערשטע ווערטער צוויי: „שטייט אויף!" —
און איך דערזע די רויטע פֿאָן,
דעם פלאַם, וואָס טראָגט זיך באַרג־אַרויף.

אַ ווירבל־ווינט הייבט אויף די שטאָט
און נעמט מיט שטורעם גאַס נאָך גאַס;
באַהאָפטן ווערט אַ טראָט מיט טראָט
אין ליד פון ליבשאַפט און פון האַס.

איך קוק זיך אום: דער צוג איז לאַנג,
מען זעט קיין אָנהייב נישט, קיין סוף,
און ס'וואַקסט אַליין אָן נאָך דאָס געזאַנג
מיט יעדער ריי, מיט יעדן סטראָף.

און ווען עס ברעכט אויס דער רעפריין,
וואָס זאָגט דעם זיג אָן און באַפעלט —
ווען איך דערהער: „און דאָס וועט זיין..." —
ווערט ליכטיק אויף דער גאַנצער וועלט.

1954

# עקזאַמען

מיט פרייד און אומרו איז מיין טאָג היינט פול —
מיין קליינע טאָכטער גייט אָפּ דעם עקזאַמען.
מיר דאַכט זיך, אַז איך בין מיט איר אין שול,
און אַז איך ווער פאַרהערט מיט איר צוזאַמען.

אויך איך בין אַלט געווען פערצן יאָר,
נאָר מיין עקזאַמען האָב איך אָפּגעגעבן
פאַר יעדן טאָג פון יענער האַרביער וואָר,
וואָס האָט מיט אַרבעט אויסגעפּרווט מיין לעבן.

איר יעדן איינעם ענטפער, וואָס איך הער,
האָב איך מיט מי און קאַמף אַרויסגעריסן,
און אָנגעקומען איז ער שטענדיק שווער,
אַזוי ווי דער אין שוויים פאַרדינטער ביסן.

אַהיימגעקומען בין איך שפּעט ביינאַכט,
און ווען איך האָב דאָס לעמפּל אָנגעצונדן —
מיין פּיבערדיקער נייגיר האָט דערוואַכט,
און פון די אויגן איז דער שלאָף פאַרשוווּנדן.

כדי איך זאָל געפינען איין באַשייד —
אַ נאַכט פון רו געבראַכט כ׳האָב פאַר אַ קרבן.
אַזוי האָב איך צום לעבן זיך געגרייט,
אַזוי האָב איך מיין וויסן זיך דערוואָרבן. — — —

איך האָב דערמאָנט מיין לערע פון אַמאָל,
ווייל היינט גייט אָפּ מיין טאָכטער איר עקזאַמען.
מיר דאַכט זיך, אַז זי ענטפערט מיט מיין קול,
און אַז איך ווער פאַרהערט מיט איר צוזאַמען.

יוני, 1955

# דיין אַלטע שטאָט, די יידישע, פון פוילן...

אפרים קאַגאַנאָווסקין

דו האָסט אַרומגעוואַנדערט איבער וואַרשע,
ווען זי איז נאָך געלעגן אין רואינען.
דאָס בילד, וואָס האָט געלעבט ביי דיר אין האַרצן —
דו האָסט דאָרט מער שוין נישט געקאָנט געפינען.
פון דיינע שמאָלע געסלעך־לאַבירינטן
געוואָרן איז אַ קופּע אַש און שטיינער.
געבליבן זענען לעבן בלויז די ווינטן,
נאָר פון די נאָענטע און ליבע — קיינער.

בלויז איין הויז איז געבליבן אויף צעגלאַנע,
נאָר נישט דאָס הויז פון יצחק לייבוש פּרץ.
דיין יוגנט איז שוין מער נישט אויפגעשטאַנען,
און דער זכרון איז געווען דיר שווער איצט.
אַ פּוסטקייט האָט גענידערט פון די רוימען
און דיין פאַרגאַנגענהייט געפּרוווט דערטרינקען,
און דו האָסט מער שוין נישט געקאָנט פאַרצוימען
דעם גאַנג פון דיינע מענטשן קיין טרעבלינקע.

דו ביסט אַוועק. וואָס האָסטו מיטגענומען? —
אַ טייל פון אַש, און מער נאָך — פונעם פייער.
אין יענער שטאָט פון ליבע און פון בלומען
דער ברוק פון סטאַוקע־געסל איז דיר טייער.
אינמיטן פון פאַריזער נעאָן־פיבער
האָסטו דו זיך אין דיין אייגן ליכט פאַרהוילן,
און שורותווייז דו פירסט אַהין אַריבער
דיין אַלטע שטאָט, די יידישע, פון פוילן.

1955

# ביכער

ווי קאָנסטו זיין אינגאַנצן זיכער,
אַז דו ווייסט צו דעם אמת טרעפן?
פאַראַן אַזויפיל גוטע ביכער,
וואָס דו האָסט נאָך נישט אויפגעעפנט.

אין איינס פון זיי איז אָנגעצייכנט
פון דיין פאַרגאַנגענהייט דער גורל.
דאָס בוך וועט העלפן דיר דערגרייכן,
וואָס דו האָסט איינמאָל שוין פאַרלוירן.

אין צווייטן בוך איז אויפגעשריבן
נישט בלויז דער טאָג, וואָס האָט געמיטן —
די בלעטער ווייזן, ווי צו ליבן
דאָס לעבן און עס אָפּצוהיטן.

די צייט אין ביכער בייט זיך שנעלער,
די יאָרן לייגן זיך אין שיכטן.
דו זעסט דאָרט בולטער דיין פעלער,
דו לערנסט אויס זיך אים פאַרריכטן.

די קעגנוואַרט קאָן נישט פאַרבליען,
כאָטש ס'ווערן געל די ביכער־בלעטער —
אין זיי — דו הייבסט אָן לעבן פריער,
אין זיי — דו לעבסט אין צייטן שפּעטער.

מאַי, 1954

# אויסגעמיטן

נישט איינמאָל פאַלט מיר איין אַזאַ געדאַנק,
אַז כ׳האָב מיט מיין באַרוף זיך אויסגעמיטן,
און אויף די דיינע שורות פון געזאַנג —
מיין אייגנטלעכע אַרבעט כ׳האָב פאַרביטן.

קאָן זיין, אַז כ׳האָב געדאַרפט גאָר מיינע הענט
געוווינען צו דער קראַפט פון שטאָל און אייזן,
און מיין ענערגיע ווערן זאָל פאַרווענדט
אַזוי, אַז כ׳זאָל זי יעדן קאָנען ווייזן.

געדאַרפט האָב איך צו זיין אַן אַרכיטעקט
און אין מיין לאַנד די נייע שטעט צו בויען —
מיט גאַסן צו די ווייטן אויסגעשטרעקט,
מיט ווייסע הייזער ביז די הימלען בלויע.

נאָר דאַכט זיך, אַז דערויף איז שוין צו שפּעט —
נישט איבערלאָזן כ׳וועל מיין ליד אינמיטן.
אַוועקגיין זאָל עס דורך די נייע שטעט,
ווו כ׳האָב מיט מיין באַרוף זיך אויסגעמיטן.

1955

# ל י ד

מיט וויפל ווערטער האָב איך זיך באַנוצט? —
אַזויפיל ווערטער זענען נאָך פאַרבליבן
אין זייער פרישקייט און פֿעיִקייט, באַשיצט,
פון דער טאָגטעגלעכקייט נישט אויסגעריבן.

די ווערטער איינגעבאַקענע אין האַרץ,
און פשוטע — אויף זינגען און דערציילן.
נאָר ווי דאָס איידעלע מעטאַל פון אַרץ —
איז שווער זיי פון דעם לשון אויסצוטיילן.

און ווערטער שטילע, ווי אַ כּישוף־שפּרוך,
אַז שווער איז אין דער מבול־שפּראַך זיי הערן.
נאָר ווי בלויז איינס פון זיי ווערט אויפגעזוכט,
באַלד שלעפּט עס מיט נאָך זיך אַ שנירל טרערן.

און שטענדיק קומט דער פאַנג אָן אומגעריכט,
ווי יעדע פרייד, וואָס קומט אַן אומדערוואַרטע.
דאָס איינע וואָרט פאַרשפּרייט אַזויפיל ליכט,
אַז אַלע רייד אַרום אויך ווערן צאַרטע.

און ווי אין פייער־פיבער דורכגעגליט —
אַ שורה מיט אַ שורה פלעכט זיך איבער:
פאַראייניקט אין איין פלאַם גייט אויף דאָס ליד —
פון שטאַרבן — שטאַרקער און פון לעבן — ליבער.

מאַי, 1955

# ביים דענקמאָל פון געטאָ

1

ביים דענקמאָל פון געטאָ, מיין כותל מערבי,
איך לען אָן די מידע, צעווייטיקטע הענט,
און איבער מיין קאָפּ שרייט דער שטיינערנער נביא —
דאָס פייער אין געטאָ האָט אים נישט פאַרברענט.

זיין העמד איז צעכראַסטעט, זיין קאָפּ איז צעשויבערט,
דער דונער זיך קייקלט אַדורך זיינע ציין.
פון ווייטיק דערשיטערט, פון צאָרן באַצויבערט —
זיין שפּראַך איז אַ האָגל פון שוועבל און שטיין.

אַרום שטייט אַ ישוב פון הונדערט בינונים,
און צענדליקער אַנדערע ווערן געבויט.
און קענען זיי אַלע געוועלדט איז זיין פּנים
אין ליכט און אין שאָטן פון פייער און טויט:

2

— זינג ווידער דאָס ליד, דו באַדאַרפסט עס צו זינגען,
כל־זמן אויף דער ערד וועט דיך עמיץ פאַרשטיין.
קאָן זיין, אַז דיר וועט מיט דעם ליד נאָך געלינגען
אַרויסרופן מער ווי רחמנות, געוויין.

זינג ווידער דאָס ליד מיט דעם זעלביקן ניגון,
וואָס דו האָסט אַמאָל פון דיין מאַמען געהערט.
אַזויפיל אין ליד איז געוואָרן פאַרשוויגן,
אַזויפיל פון ליד איז געוואָרן צעשטערט...

מען קאָן אויף אַ דור בלויז דיין לשון פֿאַרוויערן —
דיין האַרץ וועט נישט בלייבן אויף אייביק פֿאַרשטומט.
זינג ווידער דאָס ליד, ווען אַפֿילו דערהערן
מען זאָל דיך אין הונדערטער יאָרן אַרום!

3

— זאָל אויסוואַקסן ווידער פֿון ציגל די מויער
און קראַפֿט פֿון באַהעפֿטן זאָל האָבן דאָס ליים.
זאָל ווערן דער שטאָט־טייל פֿון אומקום און טרויער —
פֿאַר הונדערטער טויזנטער ווידער אַ היים.

נאָר דער, וואָס האָט איינמאָל די ערד דאָ באַטראָטן
אויף נעמען אַ חלק פֿון בלוט און פֿון רויב —
פֿאַר דעם וועט דער דאַך דאָ נישט געבן קיין שאָטן,
פֿאַר דעם וועט קיין ליכט דאָ נישט געבן די שויב.

ער וועט קיין מנוחה ביי טאָג נישט געפֿינען,
אים וועט אין דער נאַכט נישט באַשיצן דער שלאָף —
אויף יעטוועדן טראָט וועט אים נאָכגיין די שנאה,
ביז וואַנען עס וועט אים דערגרייכן די שטראָף.

4

— די ערד וועט דאָ האָבן אַן אַנדערן אויסזען,
די שטאָט וועט באַקומען אַ ברייטערן שניט,
נאָר דו וועסט אַלץ זוכן אין ליכטיקן דרויסן
די שפּורן פֿון דיינע פֿאַרגאַנגענע טריט.

פֿאַרלירן וועסט דו זיך אויף פּלעצער די גרויסע
און פֿרעגן וועסט דו אויף דער טונקעלער גאַס,
וווּ דו האָסט די קינדערשע פֿריידן און טרוימען
דערצויגן צום העפֿטיקן קאַמף פֿון דיין קלאַס.

און דו וועסט נישט גלייבן, אַז זי איז נישטאָ שוין,
די גאַס איז אויף אייביק אין פייער אַוועק.
איר נאָמען בלויז בלאָנקעט אַרום אין דיין לשון
און וויל, ווי דיין יוגנט, נישט ווערן פאַרמעקט.

5

— אַן אָרט אויף דעם שטח פון חורבן לאָז איבער,
אַ ווינקל לאָז איבער אָן ליים און בעטאָן.
זאָל בלייבן אַן אינדזל פון ווילדגראָז אויף גריבער
צום אָנדענק פון דעם, וואָס דאָ האָט זיך געטאָן.

זאָל יאָגן דער ווינט און זאָל רוישן דער רעגן
אין ניגון פון אייביקן בלוטיקן סוד —
זאָל קיינער אַמאָל זיך נישט דאַרפן צו פרעגן
דעם וועג צו דער אונטערגעגאַנגענער שטאָט.

אַ פאָלק איז דאָרט הונדערטער יאָרן געזעסן —
זאָל בלייבן אַן אָרט כאָטש פאַר שטילן געוויין.
אויף אייביק געדענקען, אויף קיינמאָל פאַרגעסן,
איז ווייניק אַ דענקמאָל פון בראָנז און פון שטיין.

6

— כל־זמן אויף דער געגנט נאָך ליגן די שטיינער,
נאָך איידער מען פלאַסטערט די גאַס מיט אַספאַלט,
רייס אויס פונעם ברוק מיט די פינגער כאָטש איינעם
און טראָג אין געהיים אים אַוועק און באַהאַלט.

פאַר פרעמדע וועט ער דאָך פאַרבלייבן אַ שטומער,
נאָר דו וועסט אַרויסקריגן פון אים דעם קלאַנג,
וואָס ליגט טיף אין אים נאָך פון איינעם אַ זומער —
צום „אומשלאַג״ פון טויזנטער מענטשן דער גאַנג.

הער איין זיך — קאָן זיין, אַז באַלד וועט דאָרט אַ גיי טאָן
אַ טראָט, וואָס איז נאָענט און גוט דיר באַקאַנט.
און דו וועסט דיין מאַמען אַ ווײַלע באַגלייטן
צום אומקום — צום געפֿעל פֿון יענער זייט פּלאַנט.

7

— די ערד וועט צעשניטן נאָך אַלץ פֿון די שינוים,
וואָס האָבן איר צוג קיין טרעבלינקע געבראַכט.
זיי שיינען — די שיין פֿון זיי גרויזאַם און גרין איז,
ווי בליאַסק פֿון חלפֿים אינמיטן דער נאַכט.

נאָר פּוסט איז דער פּלאַץ, און נישטאָ די וואַגאָנען,
פֿאַרשטאָפּטע מיט קינדער־געשרייען און שרעק.
און בלויז ווי אַ בת־קול, דער ווינט פֿרעגט דערמאָנענדיק:
וווהין זענען אַלע די צוגן אַוועק?

אויך דו שטעל אַוועק זיך אינמיטן דער פּוסטקייט
און וואַרט, און שריי — ביז אויף יענער זייט בריק,
און וואַרט אָפּ, ביז וואַגאָנען פֿון דער אומבאַוווסטקייט
דער צוג מיט דיין מאַמען וועט קומען צוריק.

8

— אַ לאַנגע געווען איז די שווערד פֿון נקמה,
זי האָט ביז בערלין, ביז צום רייכסטאָג דערלאַנגט.
נאָר אָפּט פֿון די פֿינצטערע געטאָ־תהומען
באַווייזט זי זיך ווידער אַ שאַרפֿע און בלאַנקט.

זי זוכט נאָך אַרום איבער אַלע וועלט־עקן
די מערדער, וואָס זי האָט פֿאַרלענדן געדאַרפֿט.
אַ דורשטיקע גאַרט זי מיט בלוט זיך פֿאַרדעקן
און שטילן דעם צאָרן פֿון ליטערן שאַרף.

זי וויל נישט פאַרגעבן, זי טאָר נישט פאַרגעבן,
זי וועט פון דער שוואַכקייט נישט ווערן פאַרשוועכט.
די שווערד פון נקמה די שווערד איז פון לעבן,
און פונקט ווי דאָס לעבן — זי משפט גערעכט.

9

— אויב עמיץ וועט וועלן פאַר בלוט און פאַר טרערן
דיר געבן אַ טייל פון געגנבעטן גאָלד —
זאָל דעמלט פון דאַנען אַ שטים זיך דערהערן:
— דער חשבון וועט קיינמאָל נישט ווערן באַצאָלט!

זאָל גרייכן צו דיר דאָס געשריי פון דיין שוועסטער,
זאָל גרייכן דיך דעמלט דיין מאַמעס געוויין:
— פאַרקויף נישט דאָס טייערסטע אונדזערס, דאָס בעסטע,
האַלט הייליק דעם אָנדענק פון אונדזער געביין!

די מערדער, קאָן זיין, וועלן ווערן באַגנעדיקט,
די מערדער, קאָן זיין, וועלן ווערן באַפרייט,
נאָר זייער פאַרברעכן וועט זיין נישט אַנטשעדיקט —
דאָס בלוט אונדזערס רופט נאָך נקמה און שרייט!

10

— זינג ווידער דאָס ליד, זאָל דאָס לשון דיר דינען —
דיין דור זאָל נישט בלייבן פאַרטיליקט און שטום.
דיין אייניקל וועט עס מסתמא געפינען,
דיין אייניקל אין אַ יאָרהונדערט אַרום.

צי וועט מען דיין הראָבנינקע שריפט דעשיפרירן?
צי וועט מען דיין ניגון אַמאָל דען פאַרשטיין? —
דאָס פאָלק וועט זיין לעבעדיק ליד נישט פאַרלירן,
די שפּראַך פון זיין רום וועט נישט קיינמאָל פאַרגיין.

איך גיב דיר דעם אָטעם פון אייביקן פייער,
איך גיב דיר פון צאָרן דעם העלישן פלאַם.
זינג ווידער דאָס ליד, וואָס איז ליב דיר און טייער —
דאָס ליד פון דיין איבערגעבראָכענעם שטאַם!

אויגוסט, 1955

# אוהל פּרץ

אין דעם סאַמע האַרץ פון פּוילן —
אין דער שטאָט פון שטאָלץ און טרויער —
אויף דעם וואַרשעווער בית־עולם
שטייט דיין מאָנומענט דער גרויער.

וויפל שפּאַן פאַרנעמט די קרקע? —
אויסגעמאָסטענע פיר איילן
האָבן די קברנים קאַרגע
דיר באַשלאָסן צוצוטיילן.

שטח איז געווען ווייניק
פאַר דעם שווונג פון דיינע פליגל —
צווישן ענגע קברים־שטיינער
איז דיין אוהל אויפגעשטיגן.

צווישן דיר און דער צעגלאַנוע
האָט געווילדעוועט אַ פייער —
נאָר דיין אוהל איז געשטאַנען,
ווי אַ טורעם אַ געטרייער.

האָסט געזען ווי קעגנאיבער,
צווישן קנוילן רויך און פלאַמען,
אויפגעקלעטערט האָט אַ גיבור
מיט זיין פרייער פאָן צוזאַמען.

איבער גאַסן די פאַרברענטע,
איבער קופּעס שטיין און ציגל,
אויפן דענקמאָל האָסט דערקענט אים
ווי דעם ערשטן מענטש מיט פליגל.

נייע גאַסן וועט מען בויען,
נייע הייזער וועט מען שטעלן,
נאָר פון דענקמאָל צו דיין אוהל
וועט מען נישט דעם וועג פאַרשטעלן.

איבער אַלע פרישע הייכן,
איבער מויערן און דעכער —
אייביק וועסטו צו אים גרייכן
מיט דיין וואָרט:
— אויב נישט נאָך העכער!

1955

* * *

דו ווייסט פֿאַרוואָס אין האַרצן נאָגט און נאָיעט?
אַזוי האָט מען מיין לעבן אַנגעסטראָיעט.

אַזוי פּליעגט מיך אַמאָל מיין מאַמע וויגן,
אַזוי געקלונגען האָט מיין טאַטנס ניגון.

אַזוי האָט זיך מיין ערשטע פֿרייד געוואָרגן
אין אַנגעלויף פֿון שאָטנס און פֿון זאָרגן,

אין אומרו פֿון די אַרבעטסלאָזע ברידער,
אין שטילן אומעט פֿון מיין שוועסטערס לידער.

דו ווייסט פֿאַרוואָס אין האַרצן נאָגט און נאָיעט?
דער אומרו לעבט נאָך און דער אומעט דויערט.

ביז איצט בין איך זיי נאָכנישט בייגעקומען,
זיי ווילן אין מיין בלוט נאָך אַלץ נישט שטומען.

אַדורכגעריסן האָב איך זיבן פֿלאַמען,
נאָר מיך יאָגט נאָך דאָס וויג־ליד פֿון מיין מאַמע.

דעם טויט האָב איך באַוויזן צו באַזיגן,
נאָר נישט — מיין טאַטנס ווייטיקדיקן ניגון.

געגרייכט האָב איך צו אַלע מיינע פֿריידן,
נאָר מיט דעם טרויער קאָן איך זיך נישט שיידן.

ער לעבט נאָך אין מיין האַרצן און ער נאָיעט. —
אַזוי האָט מען מיין לעבן אַנגעסטראָיעט.

1955

# די פאָן

אַט דאָ, נישט ווייט, האָט זי אין שלאַכט געפלאַטערט —
די פאָן פון יענער פאַרב, וואָס ווערט נישט שטיל.
זי איז געבליבן פריש און נישט פאַרמאַטערט
אין פייער פון דעם ניינצנטן אַפּריל.

כאָטש יענע הענט, וואָס האָבן זי דערהויבן,
געבליבן זענען רוען נאָך דער שלאַכט —
זי איז געבליבן לעבן, ווי דער גלויבן,
אַז ס'וועט אין לאַנד געהערן איר די מאַכט.

איצט שטייט זי ביי דעם דענקמאָל אָנגעבויגן,
נאָר פונקט ווי דעמלט — פלאַטערט זי און בלענדט,
ווי ס'וואָלטן אויפגעעפנט זיך די אויגן
פון די געפאַלענע — און זי דערקענט.

כאָטש נישט פאַרשריבן זענען דאָרט די נעמען —
געבליבן איז זי יעדן איינעם טריי;
זי וועט זיי אַלעמען מיט זיך פאַרנעמען
און גיין מיט זיי אין טאָג פון ערשטן מאַי.

1954

## אלע גלייך

אין יעדערן פון אייך געדענק איך גוט —
איר זענט דאָך אַזוי ווייניק, אָפּגעציילטע.
ווי קרובים זענט איר נאָענט צו מיין בלוט,
און אַלע גלייך — נישטאָ קיין אויסדערוויילטע.

פון אַ מיליאָנען־פאָלק דער איבערבלייב —
זענט איר געוואָרן איצט ווי איין משפחה.
אויך איך בין ווי אַ טייל פון אייער לייב
און טראָג מיט אייך די קללה און די ברכה.

מיט אייך בין איך געווען אין דעם געדראַנג
אויף דזשיקע־גאַס — די גאַס פון נויט און טומל.
מיט אייער רוי און נישט געשולט געזאַנג
האָט איר מיך אין די רייען אויפגענומען.

באַגעגנט האָב איך אייך אויף דעם בעלוויל,
ווי אַלע מאָל — געיאָגטע, אומלעגאַלע.
אַוועק פון דאָרט קיין שפּאַניע זענט איר שטיל
אין די בריגאַדעס אינטערנאַציאָנאַלע.

איך האָב געזען אייך אָנגעטאָן אין זעק
אויף אַלע מיינע וויסטע וואַנדער־וועגן.
מיט אויגן, גרויס געוואָרענע פון שרעק,
האָט איר זיך צו דער היים געפּרווט דערפּרעגן.

געטראָפֿן האָב איך אײַך, פֿון זון פֿאַרברענט,
אין ווילדע טײַגעס, גרינעצלאָזע סטעפּעס.
און איך האָב דאָרט אין אײַך שוין ניט דערקענט
פֿון מילע־גאַס די שנײַדערס און די שוסטערס.

איך בין אײַך נאָכגעגאַנגען טראָט נאָך טראָט,
ביז וואַנען ס'האָט דער אומקום אײַך געמיטן.
ווײַל ווען איך בין מיט אײַך געווען באַדראָט,
האָב איך פֿאַר אײַך מײַן ליד געוואָלט פֿאַרהיטן.

1955

# קינדער שפּילן זיך אויף חורבות

בלויז קינדער קאָנען אָט די זאַך באַווייזן -
צו שפּילן זיך אויף חורבות און רואינען,
און אין דער נעץ פֿון אויסגעגליטן אייזן
אַזויפֿיל אומגעריכטע פֿרייד געפֿינען.

דער באַרג פֿון שטויב איז איצט פֿאַר זיי אַ פֿעסטונג,
דאָס פֿענצטער־לאָך — אַן אָפּגרונט אַ געהיימער.
די קינדער־שפּיל איז שטענדיק אַ פֿאַרמעסטונג
פֿון אונדזער העלדישקייט, נאָר אָן דער אימה..

די קינדער ריכטן אָפּ דאָ אַ מלחמה,
און אויב עס לויפֿן אָן אַמאָל די שרעקן
פֿון קעלער־לאַבירינטן און פֿון תהומען —
איז נאָר כּדי דעם נייגער אויפֿצווועקן.

זיי ווייסן נישט, אַז אין אַ פֿעסטער מויער
געהאַלטן האָבן זיך די אַלע ציגל
און איינגעזאַפּט פֿון יעדער שטוב דעם טרויער,
די פֿרייד, דאָס וויינען פֿון אַ קינד אין וויגל.

אַז אויף טרעפּ, וואָס פֿירן איצט צום הימל,
געלאָפֿן זענען מיינע טריט די קליינע
צו יענער טיר, וואָס האָט געפֿירט אין צימער,
וואָס ליגט איצט איינגעזונקען אונטער שטיינער.

1955

# נאָך אײנער

דער גורל איז אַ גרויזאַם, אַ געדולדיק —
ער האָט געוואָלט דער אומקום זאָל מיך מײַדן,
ער האָט געוואָלט איך זאָל זיך פֿילן שולדיק
און פֿאַר מײַן יעדן טאָג פֿון לעבן — לײַדן.

פֿאַרוואָרפֿן איבער טויזנט קילאָמעטער —
מײַן האַס בלויז האָט געקאָנט דעם פֿײַנט דעריאָגן.
נאָר אויף די באַריקאַדן פֿונעם געטאָ
איז נישט געווען באַשערט מיר זיך צו שלאָגן.

איך בין דעם לעצטן וועג נישט מיטגעגאַנגען,
דער טויט האָט מיך דאָרט נישט געקאָנט געפֿינען.
איך בין געקומען שוין נאָך דעם געראַנגל
צו אויסגעבריענטע הײַזער און רואינען.

עס וועלן שוין נישט העלפֿן קיין געשרייען —
די טויטע שטילקייט שרײַט דעם ווייטיק איבער.
די שעהן יאָגן און די טעג פֿאַרגייען,
נאָר אויף דער וועלט קוק איך נאָך ווי אין פֿיבער.

איך וואַרט נאָך, אַז פֿון צווישן שטויב און שטיינער,
אַ מחנה זאָל צום קאַמף זיך ווידער שטעלן,
און צווישן זיי זאָל דעמלט זײַן נאָך אײנער,
און צווישן זיי זאָל איך שוין מער נישט פֿעלן.

ווארשע, 21 אַפּריל 1955

# מיין זון

אַ האַרבסטיקער רעגן אינמיטן פון ווינטער
און קראָען אויף שפּיצן פון וואַלד.
זיי זענען געקומען פון אײנעם אַ צווינטער
מיט קולות פון שרעק און געוואַלט.
די טיר איז פאַרמאַכט, נאָר דורך ערגעץ אַ שפּאַרע
שטופּט דורך זיך פונדרויסן דער ווינט.
מיין פּנים ווערט פינצטער כּפּרה־דאַרעאַ —
איך הער אין זיין וואָיען אַ קינד.

איך לאָז אים אין שטוב און איך רוף אים ביים נאָמען —
איך זאָג אים, אַז ער איז מיין זון
און הייסט נאָך דעם אַלטיטשקן זיידן אבֿרהמען —
נאָר ער וויל נישט וויסן דערפון.
ער וויל דאָ מיט מיר אין איין צימער נישט וווינען,
ער קאָן נישט פאַרטראָגן מיין בליק.
ער שרייט, פּונקט ווי איך וואָלט געווען זיין שונא
און שפּאַרט זיך צום דרויסן צוריק.

איך בעט אים, ער זאָל מיר כאָטש עפּעס דערציילן
פון דעם, וואָס מיט אים איז געשען,
איך פּרוּוו אים דערמאָנען, די יאָרן צו ציילן —
ווי אַלט איז ער דעמלט געווען?
איך משל אים אויס אַלע גאַסן און וועגן,
איך שילדער אים אָפּ יעדן שטיין.
נאָר וויפל איך זאָל אים נישט בעטן און פרעגן –
איך קאָן פון אים גאָרנישט דערגיין.

איך ווייס בלויז, אַז ער וויל פֿון מיר זיך באַהאַלטן
און ווידער אין חושך אַוועק,
איך ווייס, אַז דער אומקום האָט טויזנט געשטאַלטן,
נאָר מער נאָך — מיין גרויליקע שרעק. — — —
ער רייסט זיך אַרויס און ווערט ווידער אַנטרינען —
אַ שאָטן אין טונקעלן וואַלד.
איך וועל אים שוין זיכער נישט קאָנען געפֿינען —
ווער ווייסט וויפֿל יאָר ער איז אַלט?

קאָקטיעבעל, קרים, 1947

# פלעקן

וואָס ווייטער ווערט אַלץ אין מיין חלום ענגער —
באַלד וועט קיין אָרט פאַר אַלע מער נישט סטייען.
די ריי פון די פאַרשטאָרבענע ווערט לענגער,
קיין איינער וויל מיין חלום נישט באַפרייען.

איך האָב צו ווייניק קראַפט זיי צו פאַריאָגן,
איך האָב צו ווייניק מוט זיי צו פאַרטרייבן.
מיט שאָטנס איז אוממעגלעך זיך צו שלאָגן,
זיי מיידן אויס דאָס טאָג־ליכט — און פאַרבלייבן.

זיי נאָר איך מאַך די אויגן צו — זיי מאָנען
און רייסן שטיקערווייז פון מיין זכרון.
און יעדער וויל, איך זאָל זיך אים דערמאָנען
אין שיין פון זיינע לעבעדיקע יאָרן.

איך בין צו שוואַך אַנטקעגן זיך צו שטעלן
דעם אָנפּלי פון די שוועבנדיקע פלעקן —
איך בין צו ווייניק דרייסט, אַז איך זאָל וועלן
פון זיי אַנטרינען — און זיך איבערוועקן.

נאָר ווען עס וועט אין שלאָף שוין מער נישט סטייען
קיין אָרט פאַר די פאַרגאַנגענע געשטאַלטן,
וועל איך אינמיטן חלום זיך צעשרייען —
און אַלע טויטע וועלן זיך באַהאַלטן.

1955

# אויף זייער שפּראַך

דאָס גאַנצע פאָלק האָט מען אין טויט פאַרטריבן,
פאַרשוווּנדן איז עס פון דער אויבערפלאַך,
און איינער בלויז איז על־פּי נס געבליבן —
און איינער בלויז איצט רעדט אויף זייער שפּראַך.

און יעדן טאָג ער נוצט די זעלבע ווערטער,
וואָס עמיץ נישט דערהערט האָט ביזן סוף.
דעם ענטפער בלויז אינמיטן נאַכט דערהערט ער,
ווען טויטע קומען וועקן אים פון שלאָף.

ער הערט דעם פליסטער פון פאַרליבטע פאָרן,
פון קינדער און פון אַלטע לייט — די רייד.
ער הערט דעם רוף פון ווייטיק און פון צאָרן,
דעם אויסגעשריי פון העלדישקייט און פרייד.

ער שטייט אויף אינדערפרי מיט אויגן נאַסע,
ווי נאָכאַמאָל אַנטרונען פונעם טויט,
און טראָגט אַוועק מיט זיך די ליבע משא —
דעם אוצר, וואָס דאָס פאָלק האָט אים פאַרטרויט.

און ווידער שימערירט מיט אַלע חנען
פון לעבן און פון רוישנדיקן טאָג —
די שפּראַך, וואָס טויג צום זינגען און צום וויינען,
די שפּראַך, וואָס איז געבליבן נישט דערזאָגט.

יוני, 1955

# הבדלה

נעם איך דעם כּוס אין דער רעכטער האַנט —
מיד איז דער גוף, די נשמה איז קראַנק.
פֿול ביז צום ברעג מיט דעם גיפֿטיק געטראַנק,
נעם איך דעם כּוס אין דער רעכטער האַנט,
מאַך איך הבדלה ביי ברענענדיק לאַנד.

רויט איז דער הימל, שוואַרץ איז דאָס גראָז,
פֿעלדער — מיט נאַקעטע ביינער פֿאַרזייט,
קבֿרים אויף קבֿרים, אויף לענג און אויף ברייט.
רויט איז דער הימל, שוואַרץ איז דאָס גראָז,
אַלט איז די תּפֿילה: פֿאַרוואָס, אוי פֿאַרוואָס?

וווּ איז געבליבן אַ פּיצל פֿון ערד,
וווּ איז דערלויבט נאָך מיין שטים און מיין טראָט,
וווּ בין איך פֿריי פֿון פֿאַראַכטונג און שפּאָט,
וווּ איז געבליבן אַ פּיצל פֿון ערד,
וווּ איז מיין לעבן נאָך אַלץ נישט צעשטערט?

העל איז די שׂרפֿה און איך בין די קנויט,
ברענט זי — דערברענען וועט זי ביזן סוף,
ברענט זי — פֿאַר פֿרעמדע חטאים אַ שטראָף.
העל איז די שׂרפֿה און איך בין די קנויט —
מיליאָנען מאָל טויט איז שוין מער נישט קיין טויט..

שטילער — דעם טייך ווי אַ שפּיגל פֿאַרדעק,
אַש אויף די האָר, און אין קריעה — דאָס לייב.
אַלץ איז פֿאַרגאַנגען און דו בלויז, דו בלייב,
דו נעם דעם טייך ווי אַ שפּיגל פֿאַרהעק,
דו זעץ זיך שבֿעה ביים ניזדריקסטן ברעג.

אַלמאַ-אַטאַ, 1943

# אָפּגעשניטן

דעם אָנדענק פון מיין ברודער מנשה

די זעסט מיין האַנט, די אויסגעשטרעקטע האַנט,
וואָס ציט זיך צו דעם ליכט און צו די בלומען?
מיט יעדער איר באַוועגונג כ׳בין פאַרוואַנדלט
צום ברודער מיינעם וואָס איז אומגעקומען.

די זעסט די בלאַסע שיין אויף מיין געזיכט —
דעם שמייכל פון דעם לעבן און דער ליבע?
דאָס איז דער שמייכל און דאָס איז דאָס ליכט,
וואָס איז פון ברודער מיינעם מיר געבליבן.

איך בין געקומען פון דער זעלבער טראַכט,
און פון דער זעלבער ברוסט האָב איך געזויגן,
און איבער אונדזער וויגל האָט געוואַכט
די זעלבע ליבשאַפט פון דער מאַמעס אויגן.

זיין ווייטיק לויפט איצט דורך מיין יעדן גליד,
און דורך מיין רוקן גייט זיין גסיסה־שוידער,
מיין מויל איז אָפן ווי זיין ווונד און גליט,
און אין מיין שפּראַך זיין אויסגעשריי זיך הוידעט.

אויף יעדער פרייד כ׳בין דאָ ווי אינדערהעלפט —
מיין ברודער איז געבליבן אָפּגעשניטן,
און איך הער אַלץ נאָך ווי ער רופט מיך: העלף!
און איך וויל אַלץ פון אומקום אים פאַרהיטן.

אַפּריל, 1955

## צו די געטאָ־קעמפער אין יאָהאַנעסבורג

בײַם פאַרטרײַבן אין געטאָ האָבן די נעגער פון יאָהאַנעסבורג געשטעלט אַ באַוואָפנטן ווידער־שטאַנד.

(פון דער פּרעסע)

פון וואַרשעווער געטאָ, וואָס איז שוין זינט צוועלף יאָר פאַרוויסט —
אָ, העלדן פון געטאָ אין אַפריקע, זײַט איצט באַגריסט!

זאָל אויפגיין דער העלישער פלאַטער פון פאָן און פון פלאַם
און גרייכן צו אײַך קיין יאָהאַנעסבורג — איבער דעם ים.

אין פײַער פון אויפשטאַנד זאָל ווידער דערשײַנען דער נס:
אַ גרופּע פון מורדים אַנטקעגן דער באַנדע עס־עס.

אויך זייערע פּנימער זענען פון רויך געוואָרן שוואַרץ,
און ענלעך איר זענט איצט צו זיי לויט דער הויט און דעם האַרץ.

פון וואַרשעווער געטאָ, וואָס איז שוין זינט יאָרן פאַרברענט —
איר ווערט איצט ווי ברידער, דורך העלדן פון דענקמאָל דערקענט.

פאַרשפּאַרט אין אַ רינג פון דער שׂנאה, אין געטאָ פאַרמאַכט —
הייבט אויף נאָכאַמאָל זייער פאָן אין דער זעלביקער שלאַכט!

זאָל האַבסאָן אײַך זינגען דאָס העלדישע ליד פון הירש גליק,
און זאָל אַניעלעוויטשעס גבֿורה אײַך פירן צום זיג!

1954

# ווען איך זאָל צוואַנציק דורות איבערלעבן

ווען איך זאָל צוואַנציק דורות איבערלעבן,
ווען איך זאָל אויף דער ערד זיין טויזנט יאָר,
וועל איך אַלץ נישט אימשטאַנד זיין איבערגעבן
די וווּנדערלעכע גבורה פון מיין דור.

ווען איך זאָל קענען אַלע הונדערט שפּראַכן,
וועט יעדע איינע פון זיי זיין צו בלאַס,
אַז זי זאָל קאָנען שילדערן די זאַכן,
וואָס האָבן אָפּגעשפּילט זיך אויף מיין גאַס.

ווייל יעדעס וואָרט הערט אויף צו זיין באַגלייביק
און יעדער קלאַנג ווערט אָפּגעהאַקט און שטום
אַנטקעגן יענער טאַט, וואָס האָט פאַראייביקט
אַ רגע — אויף יאָרטויזנטער פון רום.

און האָך וועל איך נישט אויפהערן דערציילן, —
מיין יידיש לשון וועט נישט ווערן מיד
אַרויסצורופן ווידער און צו ציילן
פון קעמפנדיקן געטאָ יעדן ייד.

נישט אַלע נעמען זענען שוין דערשינען —
אַזויפיל זענען נאָך פון רויך פאַרשטעלט,
און איך באַדאַרף זיי אַלע אָפּגעפינען,
ווייל יעדער פון זיי צו דעם חשבון פעלט.

אָפּט דאַכט זיך, אַז איך זע באַקאַנטע אויגן,
אָפּט דאַכט זיך, — עמעץ שטרעקט צו מיר די הענט,
נאָר פּלוצלינג ווערן זיי מיט פּלאַם פאַרצויגן
און גייען אוים אין טרערנדיקן בלענד.

אָט גייט אַנטקעגן מיר מיין בלייכער ברודער.
ער קוקט אויף מיר, נאָר איך פון שרעק ווער בלינד,
ביז וואַנען ער צעשווימט אין דעם געוודער
און אין געדראַנג ער קומט אום און פאַרשווינדט.

איך טרעף אַן אומגעריכט אויך אויף מיין שוועסטער.
אין מוח טוט אַ שלאָג דאָס בלוט: פאַרהאַלט!
נאָר אין מיין האַלדז איר נאָמען איינגעפּרעסט ווערט,
פאַרשלונגען פון המון ווערט איר געשטאַלט.

אין מאַרש צום „אומשלאַג-פּלאַץ" זע איך מיין מאַמען.
איך רוף פאַרצווייפלט — און זי גייט פאַרביי.
זי גייט צום אומקום מיט איר פאָלק צוזאַמען —
ווי קאָן זי דערהערן, אַז איך שריי?

איך רייס אַדורך די פּאָליציי-קאָרדאָנען,
איך ברעך אַדורך דעם רינג פון שאַנד און מאָרד — — — —
און ווייטער? מער קאָן איך זיך נישט דערמאָנען,
דער חלום האַקט זיך אָפּ אויף אָט דעם אָרט.

1954

# אָט דאָ, אויפֿן וואַרשעווער ברוק

אָט דאָ כ׳בין אַ קינד נאָך געווען,
אָט דאָ האָט געלערנט מיך גיין
מיין מאַמע, דאָ האָט זי דערזען
ווי ס׳שניידן ביי מיר זיך די ציין.

אָט דאָ, אויפֿן וואַרשעווער ברוק.

דאָס וואָרט מיינס האָט זי דאָ דערהערט —
דעם ערשטן געשריי פֿון פֿאַרשטאַנד.
אָט דאָ, אויף דער שטיינערנער ערד
האָט זי מיך געפֿירט פֿאַר דער האַנט.

אָט דאָ, אויפֿן וואַרשעווער ברוק.

ווען איך בין געוואָרן שוין גרויס
דערזען כ׳האָב: די מאַמע איז קליין,
און צווישן דעם גאַסן־געררויש
געמוזט האָב איך העלפֿן איר גיין.

אָט דאָ, אויפֿן וואַרשעווער ברוק.

אַ שטורעם איז דורך און פֿאַרמעקט
איר הויז און איר טיר און איר שוועל;
אַ ווייכער פּוך שטויב האָט פֿאַרדעקט
איר פֿרידלעכן גאַנג דורך דער וועלט.

אָט דאָ, אויפֿן וואַרשעווער ברוק.

און איצטער פיר איך דאָ מיין קינד —
דער ווייטיק איז נאָך נישט געשטילט,
ער וואַיעט נאָך אַלץ אינעם ווינט...
און ווידער דאָס זעלביקע בילד.

אָט דאָ, אויפן וואַרשעווער ברוק.

מיין טאַכטער דערגרייכט שוין מיין גאַנג
אויף שטיינערנע גאַסן פון שטאָט.
אַ יאָר און אַ יאָר — שוין נישט לאַנג —
זי וועט איבעריאָגן מיין טראָט.

אָט דאָ, אויפן וואַרשעווער ברוק.

סעפטעמבער, 1954

# מײַן אָרט

צי בין איך שוין דער לעצטער פֿון די ייִנגער
און קיינער וועט נישט ירשענען מײַן ליד?
צי וועט דער דור, וואָס איז פֿון מײַנעם ייִנגער
פֿאַרגעסן אַלץ, וואָס איך האָב אײַנגעהיט?

צי וועט פֿאַרפֿאַלן ווערן די צוואה,
וואָס איך האָב קוים דערטראָגן צו מײַן קינד?
צי וועט דער טויט נישט בלויז מײַן גוף באַדראָען,
נאָר מײַן נשמה זײַן וועט פֿאַרן ווינט?

צי וועט פֿון מיר דער מינדסטער שפּור פֿאַרשווינדן
אָט דאָ, וווּ יעדער בוים האָט מיך געקענט?
ווער וועט די ליכט פֿון געטאָ־חנוכּה צינדן
מיט ווייטיק און מיט ציטערדיקע הענט?

ניין, ניין! איך וועל די ערד פֿון הונדערט דורות
נישט לאָזן אָן מײַן ניגון און מײַן וואָרט.
פֿאַרבײַסן וועל איך וואַרטן אויף מײַן יורש,
וואָס דאַרף פֿאַרנעמען דאָ נאָך מיר מײַן אָרט.

יולי, 1955

## צי ווייסטו וויפל דאָס האָט מיך געקאָסט

און אויב דו זעסט אַ שמייכל אויף מיין פּנים,
און אויב די פרייד האָט מיך נאָך נישט פאַרלאָזט,
און אויב איך שטיי נאָך קעגן מיינע שונאים —
צי ווייסטו, וויפל דאָס האָט מיך געקאָסט?
מען האָט געפּרוּווט דעם שמייכל ביי מיר רויבן,
מען האָט געפּרוּווט פאַרטיליקן מיין פרייד,
מען האָט געפּרוּווט דערהרגענען מיין גלויבן,
מען האָט געפּרוּווט דערוואָרגן מיינע רייד.
אַנטקעגן מיר געגאַנגען איז די שנאה
פון אַלע ווינקלען אויף דער גאַרער ערד —
קיין אָרט האָב איך דאָרט נישט געדאַרפט געפינען,
געדאַרפט האָט מיין געזאַנג דאָרט זיין פאַרווערט.
אַנטקעגן מיר געגאַנגען איז דער ליגן
אין אַלע אבערגלויבנס אָנגעקליידט,
און דאָס געזעץ האָט אַלעמאָל געשוויגן
אויף סאַנקציאָנירן דאָס פאַרברעכן גרייט.
ווי וואָלט איך דאָס געקאָנט אַריבערטראָגן
און מיט עקשנות מאָנען מיינע רעכט
און איינער קעגן אַלעמען זיך שלאָגן —
ווען נישט דער גלויבן, אַז איך בין גערעכט?
איך האָב דעם צווייפל פון מיין האַרץ געטריבן,
איך האָב צום בלוט דעם יאוש נישט דערלאָזט,
דער שמייכל אויף מיין פּנים איז געבליבן —
צי ווייסטו, וויפל דאָס האָט מיך געקאָסט?

1955

# אַן ענטפער

זאָל ענטפערן די צווייטע העלפט פון לעבן
אויף אַלעם, וואָס די ערשטע האָט געפרעגט.
וואָס האָט מיין יוגנט מיר געקאָנט דען געבן?
זי האָט בלויז צום געראַנגל אויפגערעגט.
זי האָט די צוימען אַלע איינגעבראָכן,
די זיילן פון דער אָרדענונג גערירט,
און ווי אַ גרויסן יום־טוב אין דער וואָכן —
די רעוואָלוציע האָט זי פּראָקלאַמירט.
נישט אַלע מאָל האָט זי געהאַנדלט ריכטיק —
די שטורעמדיקע צייט האָט נישט דערלויבט,
ווייל איין זאַך בלויז געווען איז העמלט וויכטיק:
דאָס אַלטע זאָל צעפאַלן זיך אין שטויב.
דאָס איז געשען, כאָטש אויך אינגאַנצן אַנדערש,
ווי איך האָב דאָס זיך פריער פאָרגעשטעלט:
אַ פרעמדער כוח האָט אין אַש פאַרוואַנדלט
דאָס אַלטע מיט דעם נייעם פון מיין וועלט.

און איצט קומט אויס מיר אָפטמאָל צו פאַרריכטן
אויך דאָס, וואָס איך האָב לייכטזיניק צעשטערט.
מיין בנין שפּאַר איך אָן אויף אַלע שיכטן,
אַז ער זאָל שטיין אַ פעסטער אויף דער ערד.

1955

# אין דער ברייט

ווי קאָן איך זיין אַליין אין לייד און פרייד,
אַז מיט דער מענטשהייט גיי איך אין דער ברייט,
און אין איר שטורעם, וואָס שפּאַרט דורך גאַר דער וועלט,
מיין חלק בלוט האָט קיינמאָל נישט געפעלט?
איך האָב מיט הונדערט פעלקער זיך געקרייצט
און אַלע פלעצער פון די שטעט פאַרפלייצט
מיט פרייהייט־הימנען און המון־געזאַנג —
יאַרטויזנטער ווי דווערט שוין דער גאַנג!
מיין אָנהייב ליגט אין מדבר־דיקן זאַמד —
דאָרט האָט האָס וואָרט פון נביא אויפגעפלאַמט
און אויף אַן אייביקייט מיין בלוט צעגליט —
זיין שפּור געפינט מען איצט נאָך אין מיין ליד!
אויף יעדן אָרט כ׳האָב ליב געהאַט די ערד,
אויף יעדן אָרט — געשיצט זי און געווערט,
כאָטש אָפט האָט מען געזאָגט, אַז איך בין פרעמד,
און אָפטער נאָך — מיין העלדישקייט פאַרשעמט.
מען האָט געטריבן מיך פון לאַנד צו לאַנד,
מען האָט מיין קאָפּ באַדעקט מיט אַש און שאַנד,
מען האָט אויף אינקוויזיציעס מיך געברענט,
מען האָט מיט געלע לאַטעס מיך געשענדט,
אין ענגע געטאָס האָט מען מיך פאַרשפּאַרט,
אין טויטן־קאַמערס האָט מען מיך פאַרגאַזט —
און ווידער האָב איך זיך פון טויט באַפרייט,
און ווידער — מיטגעגאַנגען מיט דער צייט!

אויך איצט — נאָך אין דער העלפט אין בלוט און רויך —
מיין גוף גלייכט אויס זיך אין זיין גאַנצער הויך,
און ווידער בין איך דאָ, און ווידער בין איך גרייט,
און מיט דער מענטשהייט גיי איך אין דער ברייט!

אַפּריל, 1955

## כ׳בין גרייט...

כ׳בין גרייט פונסניי און נאָכאַמאָל צו ליידן
פון קעלט, פון נויט, פון שנאה און פון מורא,
נאָר זאָל די זעלבסטצופרידנקייט מיך מיידן —
מיט איר צוזאַמען קומט די מרה־שחורה.

זי איינע בלויז איז גרייט מיך צו הערשטיקן,
דאָס בלוט מיר אָפּצושטעלן און פאַרקילן —
דאָס אויג זאָל מער נישט קאָנען זיך אַנטציקן,
די האַנט זאָל מער נישט פאָלגן זיך מיין ווילן.

ווייל יעדן וויטיק, וואָס פרווט מיך באַדראָען
כ׳בין גובר, ווען איך רוף אים אָן ביים נאָמען,
און בלויז זי איינע סמט אָפּ אַלע שעהן —
דאָס איז אַ קרענק, וואָס גרייפט אָן די נשמה.

אַפּריל, 1955

* * *

מײַן װאָרט װערט אָפּט פֿאַרװאַנדלט אין געבעט,
די שטילקייט בלויז קאָן הערן װי איך רעד.
נאָר נישט צו גאָט און געץ שטרעק איך די הענט —
צו זיך אַליין מײַן תּפֿילה איז געװענדט,
איך זאָג זי מיט דעם ניגון פֿון מײַן ליד:
— אָ, לעבן מײַנס, פֿון שלעכטסקייט מיך פֿאַרהיט!
באַשיץ מיך פֿון דער שטרויכלונג װאָס פֿאַרשעמט,
און זאָל די גאװה מיר פֿאַרבלײַבן פֿרעמד,
און זאָל מײַן האַרץ נישט פֿרעסן דער פֿאַרדרוס
נאָר יעדנס שמייכל זאָל מיר זײַן אַ גרוס,
און יעדער טאָג — אַן אָנהייב פֿונדאַסנײַ —
איך זאָל דער יוגנט קאָנען בלײַבן טרײַ!
היט אָפּ די קלאָרע פֿרישקייט פֿון מײַן טרער,
היט אָפּ פֿון צוגעװױנטקייט מײַן געהער,
היט אָפּ פֿון מאָנאָטאָנקייט מײַן געמיט,
היט אָפּ פֿון אויסגעלערנטקייט מײַן ליד!
און אויב דאָס האַרץ איז נישט פֿון קאַלטן שטאָל —
דערלויב אַמאָל דעם ציטער אין מײַן קול,
דערלויב דעם צװײפֿל, און דעם װײ דערלויב,
נאָר נישט — אַז איך זאָל בלײַבן בלינד און טויב!

מערץ, 1955

# אַ פֿרעמדער טאָן

איך האָב דאָס בלוט פֿון האַרץ אַוועקגעגעבן
פֿאַר יעדן וואָרט, וואָס איך האָב אויסגעליטן.
ווי שטיקער פֿון מיין אייגן לייב און לעבן —
איך האָב די לידער מיינע אויסגעשניטן.

מיין שנאה די געדערכטע און מיין ליבע,
מיין הייסן אייפֿער און מיין פֿרייד די יונגע —
איך האָב זיי אין מיין חלום אויסגעפֿיבערט,
און אויף דער וואָר איך האָב זיי אויסגעזונגען.

מיין גלויבן ווי אַ קוואַל געווען איז לויטער,
מיין יעדע טרער — אַ ליכטנדיקער שפּיגל,
און יעדער פּלאַטער פֿון דער פֿאָן דער רויטער
געגעבן האָט דעם שוווּנג פֿאַר מיינע פֿליגל.

נאָר איינמאָל האָט געשוויגן מיין געוויסן -
איך האָב נישט אָנגערופֿן דאָס פֿאַרברעכן.
אַ פֿרעמדער טאָן האָט זיך אַריינגעריסן
אין ניגון און אים אָנגעהויבן ברעכן.

און אָט דער בלויז איז ביז אַצינד פֿאַרבליבן,
איך ווייס נישט, צי איך וועל אים ווען פֿאַרפּילן:
דאָס איינע ליד, וואָס איך האָב נישט געשריבן —
דער איינער טראָפּן בלוט, וואָס קאָן נישט שטילן.

מערץ, 1955

* * *

פֿאַרשוווּנדן איז אויף אײביק יענע צײַט,
ווען דיכטער פֿליען פֿאַלן אויף דועלן,
נאָר איך באַוווּנדער אַלץ נאָך שטילערהייט
אויך זייער אופֿן פֿון זיך קעגנשטעלן.
מקנא בין איך ביירהאָנען דעם לאָרד,
וואָס האָט זיין ליד צו העלדישקייט פֿאַרגליכן,
און איז געלאָפֿן אויף אַ ווייטן אָרט
צו שטאַרבן פֿאַר דער פֿרייהייט פֿון די גריכן.
איך זע נאָך, ווי אַנטקעגן כאָם דאַנטעס
שטייט פּושקין אין דעם רוסישן פֿרימאָרגן.
אויך דאָרט האָט נישט געקאָנט געשען קיין נס:
מען האָט דעם כאָם געשיקט אים צו דערמאָרדן.
איך הער נאָך איצט מיצקעוויטשעס געשריי,
וואָס האָט זיך ביז סיביר אַדורכגעריסן —
די שטים פֿון טיפֿן טרויער און פֿון ווײ
אין ליד צו די מאָסקאַלעס-דעקאַבריסטן.

פֿון זיי דאַרף איך זיך לערנען, אַז האָט בלוט
ביי יעדער אומגערעכטיקייט זאָל זידן,
די דרייסטקייט און דעם בירגערלעכן מוט,
די מידה פֿון נישט זיין מיט זיך צופֿרידן.
דאָס האַרץ זאָל אויף קיין טאָג נישט בלייבן שטום
נישט שלום מאַכן מיטן קלענסטן ליגן,
כדי דאָס וואָרט אין הונדערט יאָר אַרום
זאָל בלייבן נישט פֿאַרשוויגן.

מערץ, 1955

# קלאַרקייט

דער ציל איז קלאָר געווען, דער ווילן — שטאַרק,
און אויסגעפּרווּוט אין שלאַכט איז דאָס געווער.
מיר קאָנען אויך אַוועקטראָגן דעם באַרג,
אויב ער וועט אינעם וועג אונדז זיין אַ שטער.
מיר האָבן נישט געשפּאָרט קיין שווייס און בלוט
אויף צו באַווייזן וואָס עס איז געווען,
און איצטער טאָר נישט פעלן אונדז קיין מוט
צו זאָגן אָפן וועגן שלעכטן — שלעכט.

דאָס איז דאָך אונדזער שלעכטס און אונדזער שאַנד —
דאָס איז די פינצטערניש פון צוויינט יאָר,
וואָס שטיקט נאָך מיט איר שאָטן דעם פאַרשטאַנד
און לייגט זיך פאַר די פיס פון אונדזער דור.
דאָס איז דער שווים — דאָס איז דער איבערבלייב
פון פעלקער־מאָרד, פון רויב און פון געשלעג,
דאָס ליגט נאָך אַלץ אין אונדזער בלוט און לייב —
דאָס איז דער גרעסטער שטער אויף אונדזער וועג.

דערפאַר איז יעדע עוולה דאָפּלט שווער,
און ענטפערן מיר דאַרפן שנעל און שאַרף.
אַ שאָדן ברענגט אונדז יעדע איינע טרער,
וואָס בלענדט די אויגן און פאַרסמט דאָס האַרץ.
נישט איינער בלויז פון דעם פאַרברעכן ליידט,
נישט בלויז דער שולדיקער בלייבט אומגערעכט —
פאַראַנטוואָרטלעך האָט אונדז געמאַכט די צייט
צו זאָגן אָפן וועגן שלעכטן — שלעכט.

יאַנואַר, 1956

# און אפשר?...

און אפשר פאַלט אַ טייל פון אָט דער שולד
אויף מיר — דערפאַר, ווייל איך האָב אויך געשוויגן?
די שרעק האָט מיך פאַרגליווערט און צעדולט
און איך האָב נישט געווערט זיך קעגן ליגן.
מיין קלאָרע שטים געוואָרן איז פאַרטויבט
און נישט געהאַט קיין רוים און נישט קיין עכאָ,
און דעמלט האָב איך שטילערהייט דערלויבט,
מען זאָל דאָס הייליקסטע אין מיר פאַרשוועכן.
פחדנות האָט גענידערט אויף דער ערד
און איינער פאַרן צווייטן האָט פאַרבאָרגן.
דעם פריינדס געשריי מען האָט אָפט נישט דערהערט,
און אָפטער נאָך — דאָס אייגענע דערוואָרגן.
ווי אַ מגפה האָט דער שוואַרצער השד
אין הערצער אויסגעמאָרדעוועט דעם גלויבן.
דעם מוט האָט מען געשטעמפּלט פאַר פאַראַט,
דעם בלבול — צו אַ העלדישקייט דערהויבן.
דעם פסק האָט מען דערלאַנגט פאַר דעם געריכט
געהיימערהייט, פון פריער שוין אַ גרייטן.
פון שאַנד און צאָרן האָט געזידט דאָס ליכט,
געוואַרט, אַז איינער כאָטש זאָל אַ געשריי־טאָן,
אַז איינער כאָטש זאָל וואַגן זאָגן: ניין!
נאָר אָט דער איינער האָט זיך נישט באַוויזן —
מען האָט אים אויסגעהאַקט פון מויל די ציין,
מען האָט דאָס וואָרט פון קעל אים אויסגעריסן.

בלויז איין זאַך איז געבליבן: דאָס געדולד
צו וואַרטן די גערעכטיקייט זאָל זיגן,
נאָר אפשר גראָד איז דאָס פון יענער שולד
אַ טייל — דערפאַר, ווייל איך האָב פאַרט געשוויגן?

יוני, 1955

# „אין ווינטער־פֿאַרנאַכטן אויף רוסישע פֿעלדער“

דער מעכטיקער ווינט פֿון די רוסישע פֿעלדער
וועט קיינמאָל נישט אויפֿהערן יאָגן און שרייען.
פֿאַרהיט וועל איך ווערן פֿון שוואַכקייט און עלטער,
כּל־זמן ס׳וועט אַ שפּור אין מיין ברוסט פֿון אים סטייען.
זיין עכאָ וועט רוישן אין מיינע געזאַנגען,
זיין אומרו וועט גרייכן מיך ווידער און ווידער
און ביז צו דעם בלוט פֿון מיין האַרצן דערלאַנגען
מיט פּשוטע ווערטער פֿון יידישע לידער:
אין ווינטער־פֿאַרנאַכטן אויף רוסישע פֿעלדער —
וווּ קאָן מען זיין עלנטער, וווּ קאָן מען זיין עלנטער?

איך וועל נישט פֿאַרגעסן די שנייאיקע ווייטן,
וואָס ווערן פֿאַרלוירן אין גרויקייט פֿון רוימען,
איך וועל זיי שוין קיינמאָל נישט קאָנען פֿאַרבייטן
אויף טונקעלע וועלדער און שטאָטישע צוימען.
ווי נאָר איך וועל פּרוּוון פֿאַרמאַכן די אויגן,
וועל איך זיי מיין פֿיין און מיין בענקשאַפֿט פֿאַרטרויען,
און ענטפֿערן וועט מיר אַ ניגון צעצויגן,
דער ניגון וועט זינגען, דער ניגון וועט וואָיען:
אין ווינטער־פֿאַרנאַכטן אויף רוסישע פֿעלדער —
וווּ קאָן מען זיין עלנטער, וווּ קאָן מען זיין עלנטער?

פֿאַרשפּאַרט איז מיין גוף צווישן ציגל און אייזן,
מיין שטים פֿלאַטערט אום אין די ווענט פֿון אַ צימער.
איך וויל זיך באַפֿרייען, איך וויל נאָך באַווייזן
צו גרייכן אויפֿסניי צו דעם רוסישן הימל

און ווידער דערשפירן דעם מעכטיקן אָטעם,
וואָס גייט דורך דעם ווינט ווי אַ כוואַליע פון פייער.
און אפשר וועל איך דאָרט געפינען דעם שאָטן
פון ייִדישע ווערטער, וואָס זענען מיר טייער:
אין ווינטער־פאַרנאַכטן אויף רוסישע פעלדער —
ווו קאָן מען זיין עלנטער, ווו קאָן מען זיין עלנטער?

1955 ,מערץ

# דער טויט פונעם זינגער

מען האָט צום טויט אַוועקגעפירט דעם זינגער,
די אויגן — מיט אַ שמאַטע צוגעבונדן.
מען האָט מיט שטריק געפּענטעט זיינע פינגער,
אַ זאַלפּ, און ער איז אין תהום פאַרשוואונדן.
ער האָט געוואָלט זיך עפּעס איבערפרעגן,
וויל מער ווי גרויל געווען אין טויט איז חידוש.
נאָר פרעמד איז איצט פאַר אים די ערד געלעגן
און נישט געוואָלט פאַרשטיין זיין לשון יידיש.

צעשיידט מיט אַלע נאָענטע און ליבע,
געיאָגט, פאַרהעצט, געזידלט און פאַרשריגן,
איז אין דער לעצטער רגע אים געבליבן
נישט מער ווי בלויז אַ שפּליטער פון זיין ניגון,
וואָס איז געטריי זיין לעבן נאָכגעגאַנגען
און אויסגעטייטשט זיין יעדע פרייד און טרויער.
נאָר איצטער האָבן אַלע די געזאַנגען
אין לעצטן שפּליטער־ניגון זיך צעוואָיעט.

ער איז געשטאַנען מיט פאַרשטעלטע אויגן.
און אָפּגערוקט פון אים, ווי דאָס איז נייטיק,
מען האָט צו אים די ביקסן אויסגעצויגן
און שטיל געוואַרט אויף דעם באַפעל צו טייטן.
נאָר ס'איז אַדורך אַ שניידנדיקער שוידער,
ווען אַלץ אַרום געוואַרט האָט און געשוויגן:
די ליפּן האָט זיך פון זיין געזאַנג געהוידעט
און נאָך דעם זאַלפּ געקלונגען האָט זיין ניגון.

סעפּטעמבער 1955

# אַן אַדרעס

דער חבר מיינער פאָרט אַוועק קיין מאָסקווע,
דער צוג וועט אָפּגיין פּונקט צו דער מינוט.
— אוי, חבר ליבער, איידער דו פאַרלאָזסט מיך,
איך גיב אַן אַדרעס דיר — פאַרהיט אים גוט.

געדענק דעם נאָמען פון דער גאַס: ליעסנאַיאַ,
אַ גאַס אין סאַמע צענטער פון דער שטאָט.
דאָרט זענען נישט פאַראַן קיין הייזער נייע,
און שטעל זיך פאָר: מיר איז דאָס נישט קיין שאָד.

ווייל אויב עס שטייען אַלע אַלטע הייזער,
איז אויך דאָס הויז געבליבן אויפן ראָג.
שפּרינג שנעל די טרעפּ אַריבער און באַווייז זיך
פאַר יענער טיר דאָרט אויפן פערטן שטאָק.

קלאַפּ אָן דריי מאָל פאַרטייעט און פאַמעלעך,
און באַלד וועסט דו דערהערן זיינע טריט...
ניין, ניין! דו קלאַפּ דאָרט האַסטיקער און שנעלער —
אויך איך וואָלט איצט די רו נישט אָפּגעהיט.

קלאַפּ העפטיק אָן און אָן אויפהער מיט די פויסטן,
און שטיי נישט אָפּ, און ריר זיך נישט פון אָרט,
ביז וואַנען עמיצער וועט נישט אַרויסגיין,
ביז וואַנען וועסטו נישט הערן כאָטש אַ וואָרט.

סעפּטעמבער 1955

# אַ סטייע הינט

אַ וויסטע קעלט גייט אויף אין אַלע ביינער,
אַ נעפּל רוקט זיך אָן אויף מיין פאַרשטאַנד.
דאָס האַרץ ווערט אויסגעלאָשן און פאַרשטיינערט,
אַ שלאַבעריקע פאַלט אַראָפּ די האַנט.

פון יעדן אומזין ביז אין בלוט באַליידיקט,
און אויסגעפּאַטשט פון אַלע זייטן ווינט —
איך שטיי איצט אַ פאַרלוירענער און ליידיק,
און מיר אַרום — אַ סטייע בייזע הינט.

— אַהאַ! אַהאַ! מיר האָבן דיך געוואָרנט —
מען שפּרינגט מיר אינעם פּנים און מען בילט —
אומזיסט האָסטו געפּטרט דיינע יאָרן,
דיין ווייטיק איז געבליבן נישט געשטילט.

— אַהאַ! אַהאַ! צוואָס האָסט דו געליטן
און אָפּגעזאָגט זיך פון יעטוועדער פרייד?
כּיווי ביסט דו געבליבן איצט אינמיטן
פון לעבן אָן אַן ענטפער און באַשייד.

די סטייע הינט הערט אַלץ נישט אויף צו בילן,
נאָך יעדן ווילדן שפּרונג — אַ פרישער פרוּוו.
נאָר דווקא דעמלט הייב איך אָן דערפילן
אַ ווידערשפּעניקייט אין גאַנצן גוף.

און מיט אַ נייער קראַפט נעם איך פאַריאָגן
די סטייע בייזע הינט, וואָס גרייפט מיך אָן,
און ווידער בין איך גרייט שוין זיך צו שלאָגן —
געבליבן איז אין האַנט די רויטע פאָן!

דעצעמבער, 1955

## צו פּרי

איר האָט פֿאַרייאָגט מיך ביז צום ראַנד פֿון גרוב.
און אייער בליק האָט זיך שוין אָנגעצונדן
די שאָדנפֿרייד. איר מיינט, אַז בלויז איין שטופּ
וועט סטייען, אַז איך זאָל אין גרוב פֿאַרשווינדן.

איר האָט שוין אַלץ פֿאַרגרייט פֿאַר מיין געבוין:
די שפּראַך פֿון צביעות און די פֿאַלשע טרערן,
און פֿאַר מיין קבר — אַ מצבה־שטיין,
אַז דאָרט אויך זאָל איך זיך נישט קאָנען ווערן.

צו פֿרי האָט איר באַוויזן זיך, צו פֿרי!
און מיינע כוחות האָט איר שלעכט באַרעכנט.
די פֿליגל מיינע טראָגן נאָך צום פֿלי,
איר האָט זיי נישט באַוויזן צו צעבראָכן.

אַ טראָט פֿון ראַנד און פֿון דער טויט־געפֿאַר —
זיי וועלן פֿלאַטערן ווידער זיך צעפֿאָכען
און אייער בליק וועט ווערן בלינד און שטאַר
פֿון אויפֿשוווּנג מיינעם איבער נייע שטחים.

און נישט אַזוי כ'וועל ענדיקן מיין ליד,
ווי איר דערוואַרט עס, ווי דאָס וויל דער שונא.
אַ טראָט פֿון ראַנד וועט בלייבן איינגעהיט
די קראַפֿט, וואָס וועט אייך נאָכאַמאָל דערשטוינען.

דעצעמבער, 1955

# מיר וועלן ווייטער לעבן

די אַלטע ווונד איז נאָכנישט אויסגעהיילט,
און איך גיי אָפּ אין בלוט שוין פון דער נייער.
פאַרוואָס ווערט מיר כסדר צוגעטיילט
אַן אָרט — דאָס סאַמע נאָענטסטע צום פייער?
נאָר איך וועל ווייטער אויסהאַלטן דעם פּרוון,
דעם טרויער וועל איך זיך נישט אונטערגעבן
און אים פאַרשרייען מיט מיין דרייסטן רוף:
— מיר וועלן ווייטער לעבן!

דער זעלבער שונא, וואָס האָט מיך דערשטיקט
אין געטאָ — האָט מיך נאָכאַמאָל דערוואָרגן.
ער האָט אַריינגעגנבעט זיך געשיקט
אין מיינע רייען און — זיך דאָרט פאַרבאָרגן.
איך האָב אַליין פאַרטרויט אים מיין געווער,
וואָס ער האָט שפּעטער קעגן מיר פאַרהויבן.
ער האָט פאַרטריבט מיין שכל און געהער —
אין נאָמען פון מיין גלויבן.

דאָס האָט ער זיך פאַרוואַנדלט אין אַ געץ
און מיך באַפוילן בלינדערהייט אים דינען;
דאָס האָט ער זיך באַנוצט מיט מיין געזעץ,
כדי פאַר מיר אַ פעטליע אויסצושפּינען.
אין קאַמף אין אָפענעם, האָט ער פאַרשפּילט,
דאָרט וואָלט שוין קיינער נישט געוואַגט אים שווינען —
האָט ער פאַרעטעריש אויף מיר געצילט,
דערקלערט מיך פאַר דעם שונא.

די לופט האָט ער פאַרדאָרבן און פאַרסמט,
די טורמע און די מוטיקע — פאַרטריבן,
און שטענדיק ווען ער האָט באַזעצט אַן אַמט,
האָט ער הערויף אַ פחדן אויסגעקליבן.
אין פראַזן האָט ער אויסגעאיבט די שטים,
זי האָט געדאַרפט פאַרשטעלן זיין פאַרברעכן,
און דעם, וואָס האָט געשטעלט זיך קעגן אים —
פאַרניכטן און צעברעכן.

און דאָך האָב איך אויך דאַסמאָל אים דערקענט
און, ווי אַ שטיק פון ווילדפלייש, אויסגעריסן.
דער ווייטיק מיינער איז נאָך פריש און ברענט —
זאָל זיין! נאָר זאָל נישט רוען דאָס געוויסן,
און זאָל באַגלייטן ווייטער מיך דער צער,
אַבי עס זאָל נישט האָבן זיך באַוויזן
אין אַ געשטאַלט אַ נייער די געפאַר
אין גאַנג צום קאָמוניזם!

יאַנואַר, 1956

## האָפֿענונג און שרעק

דער פֿרילינג לויפֿט. אַדורך איז שוין אַפּריל —
און אויף דער ערד איז אַלץ נאָך פּוסט און שטיל.

פֿון צווייגן פּיקט זיך ערשט דער יונגער גרין.
די אויגן זענען נאָך געווענדט אַהין —
צום ווייטן האָריזאָנט אין גראָ און בלאָ —
די ערשטע שוואַלב פֿון דאָרט איז נאָך נישטאָ.

צי האָט זי נישט פֿאַרלענקט פֿון גראָדן וועג?
און אפֿשר האָט אַ שפּאַרבער אין געיעג
איר האַלדז געעפֿנט און איר לייב פֿאַרציקט?
און אפֿשר האָט אַ נאַכט־פֿראָסט זי דערשטיקט?

דער פֿרילינג לויפֿט. ער איז שוין באַלד אַוועק.
אַ מאָדנער פֿרילינג: האָפֿענונג און שרעק.

מאַי, 1956

## ביי וועמען זאָל איך מאָנען?

ביי וועמען זאָל איך מאָנען פאַר די טרערן,
ביי וועמען זאָל איך מאָנען פאַר דעם בלוט,
אַז איך האָב זיך געשראָקן צו דערהערן
אין מיינע רייד די אייגענע — דעם מוט?

אויף וועמען זאָל איך וואַרפן דאָס פאַרברעכן,
אַז איך אַליין האָב אויך דערויף דערלאָזט?
געדאַרפט האָב איך די שטילקייט דורכצוברעכן,
אַפילו ווען דעם קאָפּ וואָלט דאָס געקאָסט!

איך האָב זיך צוגעוווינט צו זיין פאַרביטערט,
דאָס האַרץ אין ברוסט — צו טראָגן ווי אַ שטיין,
און ווען דער וויטיק האָט מיין בלוט דערשיטערט —
מיין מוח האָט אים נישט געקאָנט פאַרשטיין.

מען האָט מיין פריינד פאַרמשפּט אויף צו שטאַרבן,
נאָר נישט דערוויזן האָט מען מיר זיין שולד.
און איך האָב אויסגעהערט דעם פּסק פון האַרבן —
אין בלינדן גלויבן אויסגעשולט.

דאָס איז געווען שוין נישט דער ערשטער קרבן,
און ס'איז שוין אויך געווען באַשטימט מיין ריי...
נאָר מיט זיין אומגערעכטן טויט — געשטאָרבן
איז אויך מיין לעצטער אויסגעשריי.

יאַנואַר, 1956

# איך גיב נישט אָפּ

נישט שוין זשע, פֿרײַנד, געהער איך אויך צו די,
וואָס זענען פֿון דער מאַכט געוואָרן שיכור
און נישט געדענקענדיק שוין מער דעם טעם פֿון מי —
אַליין פֿאַרוואַנדלט זיך אין אונטערדריקער?

צי האָב איך אויך באַנוצט די רויטע פֿאָן —
די אײגענע פּחדנות צו פֿאַרדעקן
און זיך אַרויסגערוקט אין אויבנאָן
נישט אויף צו פֿירן, נאָר אויף אָפּצושרעקן?

און האָב איך דען מײַן דיכטונג ווי אַן אמת
באַזעצט, כּדי די גאווה אײַנצושטילן?
צי האָט מיך אויך די זעט אַזוי פֿאַרסמט,
אַז אויפֿגעהערט האָב איך דעם ווײ צו פֿילן?

ניין, ניין! איך שווער בײַ יעדן טראָפּן בלוט,
וואָס האָט אין מיר נישט אויפֿגעהערט צו זידן,
אַז אויף קיין העלפֿט איז נישט געווען מיר גוט,
ווען אויף אַ העלפֿט בלויז כ׳בין געווען צופֿרידן.

און דאָך — דאָס ליד, וואָס האָט אין מיר דערוואַכט,
ווען כ׳האָב דערזען מײַן קלאַס אין זײַן נצחון,
גיב איך נישט אָפּ, ווי כ׳גיב נישט אָפּ די מאַכט —
דאָס ליד בלײַבט, ווי אַ שבֿועה, נישט געבראָכן.

3 מאַי, 1956

## נישט אָנגענומען

אויף שלעכטע געציילטע, קלאָרע זאַצן —
אַזויפיל וויטיק דאַרף זיך אָנצוזאַמלען.
נאָר זאָל דאָס האַרץ פון צופיל וויטיק פּלאַצן,
אַבי די ליפּן זאָלן מער נישט שטאַמלען.

צי איז מיין האַרץ געווען דען אומגערעכטיק,
אַז צו מיין מויל זאָל קלעפּן זיך דער ליגן?
צי קאָן אַזוי די שפּראַך זיין נידערטרעכטיק,
אַז איין וואָרט מיטן צווייטן זאָל זיך קריגן?

ווי איז געשען, אַז איך זאָל דעם פאַרברעכער
באַזינגען און פאַרוואַנדלען אין מיין טוגנט,
אַז איך זאָל שטעלן אים פון אמת העכער
און, ווי אַן אָפּגאָט, מקריב זיין מיין יוגנט?

מיין לייב האָט מען צעפּערטלט און צעגלידערט,
דער תליון איז אַליין געווען דער ריכטער.
ער האָט צום טויט פאַרמשפּט קולבאַקס לידער
און צום פאַרגעסן — כאַריקן דעם דיכטער.

נאָר אָט דעם פּסק האָב איך נישט אָנגענומען!
ווייל קיינער האָט שוין נישט געקאָנט פאַרווערן
די לידער, די פאַרמשפּטע און שטומע,
מען זאָל אויפסניי אין מיינע לידער הערן.

2 מאַי, 1956

## די ווייטקייט בלענדט

מיין קינד, דיר איז באַשערט די גרעסטע שטראָף:
דו מאַנסט זיך פונעם מעשהלע דעם סוף.

אין מעשהלע, וואָס איך האָב דיר דערציילט,
די ראָלן זענען געווען פאַרטיילט.

דער גוטער איז געווען געמיין און שלעכט
און אָפּט געמשפּט דעם וואָס איז געווען גערעכט.

דער קלוגער האָט געהאַנדלט ווי אַ נאַר:
ער האָט געוועלטיקט בלויז דורך דער געפאַר.

און דער, וואָס האָט פאַר דיר זיך איינגעשטעלט
געווען איז גאָר אַ פּחדן, נישט קיין העלד. —

הער אויס, מיין קינד, דאָס מעשהלע פונסניי:
נישט לייכט איז, אַז דער מענטש זאָל ווערן פריי.

„אים וועט נישט העלפן גאָט און נישט קיין העלד" —
מען זינגט אין שענסטן ליד אויף גאָר דער וועלט.

און לענגער איז דער וועג ווי כ'האָב געמיינט,
ווען אַן אַ העלד קומט אויס זיך צו באַגיין.

און ס'איז נישטאָ צום מעשהלע קיין ענד.
דאָס פולע גליק איז ווייט. די ווייטקייט בלענדט.

מאַי, 1956

# געוויינען

נישט איינער איז מיך שטילערהייט מקנא,
וואָס איך פאַרמאָג אַ גליקלעכע פּראָפעסיע:
אַז אַלץ, וואָס איז נאָר אין מיין האַרץ פאַראַנען,
דערלויבט איז מיר צו זאָגן עס בפרהסיא;
און מוט האָב איך גענוג — זיך נישט צו שעמען
און וועגן זיך דערציילן אַלע פּרטים
פאַר מענטשן, וואָס איך קען נישט ביי די נעמען —
פאַר די, וואָס מיר איז פרעמד נאָך זייער אָטעם.
זיי אַלע פרוו איך מיט מיין וואָרט באַצווינגען,
ווי איך געוועין וואָלט יעדן איינעם שייך,
און עפנטלעך איך קאָן מיין פרייד באַזינגען,
און עפנטלעך אַזוי — פון ווייטיק שריי איך.

נאָר קיינער ווייסט נישט, וויאַזוי עס פעלכטן
און ראַנגלען זיך אין מיר די אַלע ווערטער;
אַז דאָס געשליפן פון גוטן קייגן שלעכטן
קומט פאַר אין מיר — נאָך איידער מיך דערהערט ווער;
אַז יעדער קלאַנג, וואָס איז מיר גרייט צו דינען,
איז פעיק אויך אַמאָל מיך צו פאַרפירן,
און איך באַדאַרף זיין אָרט אים אָפּגעפינען,
כדי איך זאָל אַליין זיך נישט פאַרלירן.

ווייל דעמלט ווען מען הערט מיך — איז אַריבער
די שרעקלעכע געפאַר, די שלאַכט — געוווּנען,
און פון מיין שפּראַך גייט גאַנץ אַרויס די ליבע —
דאָס רויטע בלוט אירס איז נישט אויסגערונען.

1955

# א העלפט

אַזויפֿיל הייזער האָט מען אויפֿגעשטעלט,
אַזויפֿיל מענטשן וווינען דאָרט באַקוועם.
נאָר פּונקט אַזויפֿיל — פּונקט אַ העלפֿט נאָך פֿעלט,
אויף צו באַפֿרייען אַלעמען פֿון קלעם.

דער שונא האָט די גאַנצע שטאָט צעשטערט,
נאָר נישט צעשטערט דעם עלנט און די נויט.
דאָס אַלץ, וואָס איז איצט דאָ אויף אונדזער ערד —
מיט אונדזער מי און שווייס איז אויסגעבויט.

אַוודאי איז געבליבן נישט איין גאַס,
אַזוי, ווי זי האָט פֿריִער אויסגעזען:
מיט קרומע שטיינער און מיט ליכט פֿון גאַז,
מיט שוואַרצע הויפֿן און מיט קעלער־ווענט.

נאָר יעדער איינער גראָשן ווערט געציילט —
אויף ברויט און בוי, אויף זיכערקייט און שוץ.
צום גאַנצן גליק פֿעלט אונדז די צווייטע טייל —
די צווייטע העלפֿט פֿעלט אונדז צום פֿולן גוטס.

און וואַרטן מוז נאָך יענע טייל פֿון שטאָט
מיט קרומע שטיינער און מיט קעלער־ווענט,
כּדי זי זאָל נישט ווידער זיין באַדראָט
צו ווערן מיט דער נייער טייל פֿאַרברענט.

1955

## יונגע מוטער

איך זע דיך אָפּט אַן איילנדיקע גיין
דורך טומלדיקע גאַסן פון דער שטאָט.
דיין שטאַלט האָט נאָך אַ מיידלערישן חן,
נאָר מיד און מוטערלעך איז שוין דיין טראָט.
דאָס גייסטו פון דיין אַרבעט אין פאַבריק,
דו זעסט מיך נישט, דו ביסט אויף אַלעם בלינד,
ווי דורכגעשטראָכן וואָלט דיין גאַנצער בליק
געוואָרן דורך די העוטלעך פון דיין קינד,

דו איילסט אַהיים. דיין האַנט איז נאָך צעגליט
פון לאַנגע שעהן אָנגעשטרענגטע מי,
נאָר אויף דיין הויט אַ ראָזע ליבשאַפט בליט,
און דיין באַוועגונג ענלעך איז צום פלי
פון פויגל, וואָס קערט אום זיך אין דער נעסט,
און טראָגט צוזאַמען מיט דער זאָרג דאָס גליק —
די ערשטע האַלט אין אַנדערן זיך פעסט —
אַזוי זע איך דיין גאַנג פון דער פאַבריק.

וואָס וואַרט דיך אין דער היים? דיין קינדס געוויין?
די ערשטע זילבן פון זיין מאַמע־רוף?
די שפּראַך פון קינד דו איינע ווייסט פאַרשטיין —
דאָס זעלבע בלוט, און פון דעם זעלבן פרוי.
דיין אויער בלויז כאַפּט אויף איר יעדן קלאַנג,
די ערשטע שפּרונגען פון וויי און פרייד.
דאָס פּלאַפּלען פון דיין קינד איז אַ געזאַנג,
וואָס פרישט דיך אָפּ, און מאַכט דיך ליידן גרייט.

איך ווייס גאַנץ גוט: נישט זעלטן איז דיר שווער —
דײַן מי איז פֿאַר דער מוטערשאַפֿט אַ לאַסט —
און מעגליך אויך, אַז פֿון פֿאַרדרוס די טרער
איז אין דײַן אויג אַן אָפּטער, אָפּטער גאַסט.
נאָר מײַן באַדויער און מײַן מיטגעפֿיל —
דאָס וואָלסטו נישט געוואָלט און נישט פֿאַרלאַנגט.
דײַן בליק איז גרויס, און אײַנגעשפּאַרט, און שטיל —
איך קוק דיר נאָך, איך זע דאָס אין דײַן גאַנג.

דעצעמבער, 1954

## אַנדערש וואָלט מיין ליד געקלונגען?

אַנדערש וואָלט מיין ליד געקלונגען?
אַנדערש אויף אַן אַנדער שפּראַך?
וואָלט איך דעמאָלט אויסגעזונגען
פאַר דער ערד אַן אַנדער שבח?

סיי די דערנער, סיי די בלומען —
סיי דעם ווייטיק, סיי די פרייד —
כ'האָב פון לעבן אָנגענומען
און אין יידיש אָנגעקליידט.

נישט פאַריאָמערט און פאַרצווייפלט,
נישט קיין תפילהדיקער טאָן —
אין מיין לשון ברענט די שׂרפה
פון דער קעמפנדיקער פאָן.

ווער עס האָט מיין שטים פאַרבאָטן,
ווער עס האָט מיין ליד פאַרווערט,
ווער עס האָט מיין מויל פאַרשאָטן
מיט דער אַשוויענטשימער ערד.

דאָך — אויפסניי האָט אויסגעבראָכן
פון מיין ליד דער זעלבער פלאַם
און געפייערט דעם נצחון
אויף דער שפּראַך פון אַלטן שטאַם.

ווערט דען אַ געזאַנג אַנטשוויגן,
ווערט אַ ליד דען אָפּגעשטעלט?
אייביק לעבן וועט דער ניגון
פון מיין לשון אויף דער וועלט.

אַפּריל, 1955

# דערוואַרטונג

און ווען אויף דער וועלט וועט קיין גרעניעץ נישט זיין,
און פּונקט ווי די זון, וואָס טראָגט איבער איר שיין
צו יעדן פאַרוואָרפנסטן אָרט אויף דער ערד —
מיין טראָט וועט נישט ווערן פון וועכטער פאַרווערט;
און ווען עס וועט גרייכן מיין שנעלקייט פון פלי
דעם קלאַנג אין זיין לויף און דעם שטראַל אין זיין גלי,
און כ'וועל פאַר דער ווייטקייט פאַרלירן די שרעק —
צי וועל איך פון פוילישן ווינטער אַוועק?
איך ווייס, אַז אויך איצט אַזאַ לאַנד איז נאָך דאָ,
וווּ גרין איז די ערד און דער הימל איז בלאָ,
און שוואַלבן, וואָס קומען צו אונדז בלויז אין געסט,
אַנטלויפן אַהין פון די פוילישע פרעסט.
נאָר איך בין קיין גאַסט נישט, איך בין נישט קיין שוואַלב,
וואָס טיילט אין איר לעבן די פרייַדן אויף האַלב.
איך בענק נישט אַצינד צו דעם וואַרעמען ים,
מיך ציט נישט אַצינד צו דער זון אין איר פלאַם —
די פרייד אין דער פרעמד צו דערגרייכן איז שווער —
איך וואַרט, אַז דער פרילינג זאָל קומען אַהער.
זאָל שווייגן די ערד אַ באַדעקטע מיט ווייס,
זאָל ליגן די ווייסל פאַרקאַוועט אין אייז,
זאָל לעבן די האָפענונג טיף אין מיין האַרץ —
דער פרילינג איז טייער, ווען ער ווערט דערוואַרט.

פעברואַר, 1955

## פאַרבן

וויפֿל בלומען, וויפֿל מינים בלעטער —
איינער צו דעם צווייטן איז נישט גלייך.
ווייסט, פֿאַרוואָס דאָס לעבן איך פֿאַרגעטער?
בלויז דערפֿאַר, ווייל ס׳איז אין פֿאַרבן רייך.

אָן אַן אויפֿהער יאָגן זיך די פֿאַרבן —
איינע קומט, די אַנדערע פֿאַרגייט.
אין ידעם בייט פֿון בליען און פֿון שטאַרבן
ליגט דער סוד פֿון דער יוגנט און פֿון פֿרייד.

יאָ, איך קען די צייט פֿון זייער דויער —
יעדער איינער טאָג איז מיר אַ שאָד,
יעדע פֿרייד באַהראַט איז פֿונעם טרויער,
ווי די בלום פֿון וויאַנען איז באַהראָט.

דאָך פֿאַרקלאַמערט האָב איך זיך אין לעבן
מיט דער גיריקייט פֿון יעדן יאָר.
ווי אַזוי איך וועל עס איבערגעבן —
וועט מיך משפּטן אַ צווייטער דור.

אויב ער וועט מיין פּנים האָרט דערקענען,
אויב ער וועט דערהערן מיין געזאַנג,
אויב איין שורה כאָטש וועט בלייבן ברענען —
וועט דאָס הייסן, אַז געלעבט כ׳האָב לאַנג.

אַפּריל, 1955

# הענט

אַ מיידל האָט פון שוואַרצן אינסטרומענט
אַרויסגעצויבערט שאָפּענס פּאָלאָנעז.
איך האָב געקוקט אויף אירע שמאָלע הענט,
וואָס האָבן ווייס געפלאַטערט ווי אַ נס.

זי האָט אין ליכט דאָס לעבן אָנגעטאָן,
און יעדן קלאַנג — פאַרוואַנדלט אין אַ שטראַל.
אין שפּיגל און קרישטאָל איז יעדער טאָן
געבליבן הענגען אויפן גאַנצן זאַל.

די פלינקע פינגער אויף קלאַוויש־ציין
געלאָפן זענען — בלענדנדיק מיין בליק,
אַרויסגעבראַכט דעם שמייכל, דאָס געוויין
פון שאָפּענס שטילער, פּוילישער מוזיק.

נאָר פּלוצלינג — נעבן מיר, אין אַ פאָטעל,
דערזען האָב איך: אַ האַנט הייבט אויף זיך שווער,
און מיט אַ פינגער — שעמעוודיק און שנעל —
זי ווישט אויס פונעם ווינקל אויג אַ טרער.

דאָס איז געווען אַ פּראָסטע מענער־האַנט,
איך האָב אין איר אַן אַרבעטער דערקענט.
נאָר צאַרט איז זי געווען, און ענג פאַרוואַנדט
מיט יענע — אויפן שוואַרצן אינסטרומענט.

1955

## איך בין נאָך אַלץ אזוי נאַאיוו...

איך בין נאָך אַלץ אַזוי נאַאיוו,
און ווי אַמאָל — גלייב איך נאָך פּעסט,
אַז יעדעס ליד איז ווי אַ בריוו,
וואָס האָט אַ זיכערן אַדרעס.

די שפּראַך איז נאָענט און אינטים,
פאַרשטענדליך, ווי דער רוף פון האַרץ:
איך ווייס, אַז בלויז מיין שטילע שטים
דערגרייכן וועט צו דעם, וואָס וואַרט...

ער איז פון לאַנג שוין מיר באַקאַנט,
און ער — קען יאָרן שוין מיין כתב,
געשריבן מיט דער זעלבער האַנט,
געשיקט — נישט אויפן בלינדן טראַף.

פון שטאָט צו שטאָט, פון אָרט צו אָרט,
אין ווינט, אין רעגן, און אין פראָסט —
אָן אויפהער שלאָגט זיך דורך מיין וואָרט —
מיין ליד גייט מיט דער שנעלסטער פּאָסט!

1954

# אַ וואָך

דער פֿרילינג הײַ־יאָר האָט אַ וואָך געדויערט,
געקומען איז ער שפּעט און אומדערוואַרט.
דער צאַנדיקער ווינט האָט בייז געלויערט
און אַלע שיינע בלומען אָפּגענאַרט.

ווי אומגעריכט דאָס אַלץ איז פֿאָרגעקומען
אין די געציילטע ערשטע יוני־טעג:
מיט איינמאָל האָבן אויפֿגעבליט די בלומען
און איינגעאָרדנט אַ קאָליר־געיעג.

דער בעז האָט רגעוויז זיך אויפֿגעוויקלט,
דער טולפּאַן האָט האַסטיק זיך צעגליט,
דער לאַנדיש האָט אין איין נאַכט זיך אַנטוויקלט,
און די נאַרציז — אין איין טאָג אויפֿגעבליט.

אַ וואָך געדויערט האָט דער פֿרילינג הײַ־יאָר,
נאָר יעדע שעה פֿון שנעלקייט האָט געבלענדט.
דער לאַנדיש איז פֿאַרשוווּנדן, ווי אין פֿייער,
דער טולפּאַן האָט ראַשיק אויסגעברענט.

אַזוי געשעט אויך, דאַכט זיך, מיט מײַן ליבע:
איך האָב זיך יאָרן לאַנג אויף איר געריכט,
און איצטער איז שוין ווייניק צייט געבליבן —
אָ, זאָל מיך נישט דערהרגענען איר ליכט!

1955

## בוים אין בלי

ווי שנעל דער פרילינג קומט, ווי אומגעריכט!
דער בוים, וואָס איז געווען נאָך נעכטן נאַקעט,
האָט אויפגעריסן פון צו־שטאַרקן ליכט
און מיט אַ גרינעם פייער זיך צעפלאַקערט.

איצט שטייט ער פון דעם אייגן ליכט פאַרבלענדט
און ציטערט איינעם ווינט מיט אַלע בלעטלעך.
און ווי דער סנה, וואָס ברענט — ווערט נישט פאַרברענט,
ער רוישט און פלאַטערט פייערלעך און געטלעך.

ער ציט זיך פונעם באָדן ביז צום רוים
און פלאַמען לויפן אויף די צווייגן־שטענגלעך.
פון ערד צו הימל שטייגט דער גרינער בוים
און צווישן ביידן — ווערט ער אומפאַרגענגלעך.

דער ווינט וועט שרייען הונדערט מאָל פון ווײ,
דורך הונדערט האַרבסטן וועט די זון נישט שיינען,
ער וועט זיך אָנטאָן הונדערט מאָל אין שניי —
און ווידער אין זיין גרינער טראַכט דערשיינען.

און איך הייב אָן צו גלייבן, אַז ווי ער,
אויך איך — כאָטש מיין געביין פון בלוט און פלייש איז —
באַפריי זיך פון זכרון און געהער,
און אַלץ הייבט אָן זיך ווידער פון בראשית.

1955

# אַ זעלנער מיט קאַנוואַליעס

געווען איז דאָס פֿאַרנאַכט
אין סוף פֿון חודש מאַי;
אַ זעלנער האָט געוואַכט
ביים אָפּשטעל פֿון טראַמוויי.

נאָר זעט אַ וווּנדער, זעט:
ער האַלט אָנשטאָט אַ ביקס,
קאַנוואַליעס אַ בוקעט —
דאָס פֿרידלעכסטע געוויקס.

ווער האָט דאָס אין דעם לאַנד
געזען אַזאַ מין זאַך:
מיט בלומען אין דער האַנט
אַ זעלנער אויף דער וואַך?

זיין פּנים שטראַלט און שיינט,
אַ שמייכל אויף זיין ליפּ:
ער וואַרט בײַשט אָפּ דעם פֿיינט,
נאָר דער, וואָס ער האָט ליב.

פֿון גאַרניזאָן באַפֿרייט
מען האָט אים ערשט אַ שעה. —
ער קוקט זיך אום צעשטרייט:
זי איז נאָך אַלץ נישטאָ.

דאָס בינטל בלומען לייכט —
ער שטייט איצט אָן געווער,
די אויסשטאַטונג איז לייכט,
און וואַרטן איז נישט שווער. — — —

אויך איך האָב דאָרט געוואַרט
מיט בלומען ביים טראַמוויי.
געווען איז דאָס פאַרנאַכט
אין סוף פון חודש מאַי.

1955

# אין קליידל פונעם פשוטן קרעטאָן

און אפשר טאַקע האַלטסטו פאַר נישט קלוג
און חוצפּהדיק אין מיינע רייד דעם טאָן?
איך האָב געזאָגט, אַז דו ביסט שיין געַנוג
אין קליידל פונעם פשוטן קרעטאָן.

אין פראָסטן שניט, אָן קונצן אויפגענייט,
געמוסטערט מיט די בלומען פון מיין לאַנד.
אין אָט דעם שיינעם שטאָף ביסטו, מיין פרייד,
אַ נאָענטע, צו גרייכן מיט דער האַנט.

נאָר דו האָסט ליב דעם פליסנדיקן זייד,
וואָס נעמט דיין קערפּער ווייך און צאַרט אַרום.
צי ווייסטו, אַז דו ווערסט מיר דעמלט ווייט,
און אַז דיין חן פאַרהוילן ווערט און שטום?

צי איז דען טאַקע שווער דיר צו פאַרשטיין,
וואָס איך פאַרלאַנג פון דיר און וואָס איך מאָן? —
מיין טייערע, דו ביסט דאָך אַזוי שיין
אין קליידל פונעם פשוטן קרעטאָן.

1955

# די בלומען וועלן בלייבן די גערעכטע

דער פרילינג האָט זיך ווידער אָנגעהויבן:
דאָס אייז איז פון דער ווייסל אָפּגעפלאָסן.
פון מיטן גאַס, אַנטקעגן מיינע שויבן,
די גרינע קנאָספן האָבן אויסגעשאָסן.
דער אומרו לויפט אויפסניי אין מיינע פינגער
די אָפּגעבריטע און די אָפּגענאַרטע.
ווי איך וואָלט מיט אַ יאָר געוואָרן יינגער —
כ'בין גרייט אויף אַלע פריידן אומדערוואַרטע.

דער בלויער הימל שיינט אין דיינע אויגן
און מיט דיין שמייכל עפענען זיך בלומען.
ווען כ'וואָלט צו דיר די אָרעמס אויסגעצויגן,
וואָלט איך די גאַנצע ערד אַרומגענומען.
מיין שפּראַך צו דיר איז ווי דער כישוף-ניגון,
וואָס כ'האָב געזוכט דורך אַלע מיינע יאָרן,
אויף צו באַשיצן קינדער אין די וויגן,
אויף צו באַשירעמען פאַרליבטע פּאָרן.

דער פרילינג האָט זיך ווידער אָנגעהויבן.
די שטאָט איז צו די גרינע פעלדער אָפן.
אויף אונדזער פענצטער שטעלן זיך די טויבן,
וואָס זענען פון אַ חורבה ערשט אַנטלאָפן.
מיר הערן איין זיך ווי פון אַלע עקן
טראָגט־אָן דער ווינט אַ יונגטלעך געלעכטער.
די זון וועט שטאַרקער זיין פון אַלע שרעקן,
די בלומען וועלן בלייבן די גערעכטע.

1955

# אַ זומער

אומענדלעך זעגען אין מיין לאַנד די וועגן,
דער ים בלויז האַקט זיי אָפּ מיט זיינע ברעגן.

דעם גאַנצן זומער כ׳בין דורך זיי געגאַנגען
און צו דעם ים כ׳האָב נישט געקאָנט דערלאַנגען.

כ׳האָב אָנגעטראָפן אויף אַ פעלד מיט קאָרן,
און אויף אַ וואָך פאַרלוירן דעם זכרון.

אַ סאָסנע־וואַלד האָט זיך געשטעלט אינמיטן,
און ווידער האָט אַ וואָך מיך אויסגעמיטן.

אַ טייכל איז אַרויס פון שטיינער־שפּאַלטן,
אויפסניי מיך אויף אַ גאַנצער וואָך פאַרהאַלטן.

אין דאָרף אַ מיידל האָט געזאָגט מיר: ליבער! —
און דאָרט איז שוין די לעצטע וואָך אַריבער.

און דאָרט האָב איך פאַרבראַכט דעם גאַנצן זומער —
דער ים האָט מיר שוין נישט געדרייבט די רו מער.

איך האָב דערזען: עס ווערן געל די בלעטער,
און — אָפּגעלייגט דעם וועג צום ים אויף שפּעטער.

1955

## פֿון וואַנעןʼ?

מײַן שטאַם איז צו שטײנער און ציגל געװוינט —
מײַן אור־זײדע האָט שױן אין װאַרשע געװוינט.
נאָר אָפֿט װערט מיר ענג אין דעם שטאָטישן שטאָט,
און פּונקט װי אַ פּעטליע מיך װערגט דער קראַוואַט.

דער הונגער נאָך ערד גיט אין בלוט מיר אַ שלאָג,
און ס'הייבט מיך אָן שטיקן די שטאָט מיט איר װאָג,
דערווידער מיר ווערט איבער גאַסן דער גאַנג —
דער טראָט, וואָס קלאַפּט אָפּ זיך פֿון ברוק מיט אַ קלאַנג.

מײַן בליק, אַ פֿאַרשטעלטער פֿון דאַך און פֿון װאַנט,
דערזען װיל דעם הימל פֿון ראַנד ביז צו ראַנד.
מײַן הויט גאַרט צום ליכט פֿון אומענדלעכער װײַט,
מײַן אָטעם — צום ווינט פֿון יעטװעדערער זײַט.

פֿון וואַנען דערגרייכט מיך די בענקשאַפֿט און רופֿט?
צי איז דאָס פֿון בלוט דער פֿאַרבלאָנדזשעטער דופֿט?
צי איז דאָס פֿון פֿויגל דער פֿליגל־געפֿאָך?
צי איז דאָס פֿון אומרו אין האַרצן דער שטאָך?

איך װאָלט אָפֿט געװאָרפֿן מײַן שטאָט און מײַן הויז,
און אָן אַ װאַליזקע — באַשיידן און בלויז —
אַוועק אויף שוין קיינמאָל זיך אומקערן מער,
נאָר — װאַרשע פֿאַרלאָזן — דאָס איז מיר צו־שווער.

1954

# סתם אזוי זיך

סתם אזוי זיך, אַן אַ ציל און צוועק,
זעצן אויף אַ צוג זיך און — אַוועק.

זאָל ער פירן מיך וווּהין ער וויל,
סתם אזוי זיך, אַן אַ צוועק און ציל.

סתם אזוי זיך, אַן אַ ציל און צוועק,
בלויז כּדי איך זאָל זיין אינעם וועג.

בלויז כּדי דאָס האַרץ זאָל ווערן שטיל,
סתם אזוי זיך, אַן אַ צוועק און ציל.

סתם אזוי זיך, אַן אַ ציל און צוועק,
אפשר צו דעם ים, צום גרינעם ברעג?

אפשר צו דעם באַרג אין שניי געהילט? —
ניין, אזוי, אַן אַ צוועק און ציל.

סתם אזוי זיך, אַן אַ ציל און צוועק.
לאַנג זאָל זיין די רייזע, אַן אַן עק.

אַן אַן אָפּשטעל, ווי מיין שאַרף געפיל —
סתם אזוי זיך, אַן אַ צוועק און ציל.

סתם אזוי זיך.

1954

## טשאַרלי טשאַפּלין

### דעם קינסטלער יצחק רייזמאַן

און דאָך גיט מיר אַמאָל אַ קלעם ביים האַרצן
די בענקשאַפט צו דער צייט פון שטומען פילם,
ווען יעדעס בילד פלעגט ווי אַ חלום צאַרט זיין —
די מינדסטע ענדערונג פון ליכט חערפּילן.

דאָרט איז די שפּראַך שוין נישט געווען מער נייטיק —
אָן איר געוואָרן אייגן איז און נאָענט
די ליבשאַפט פונעם מענטשן און זיין ווייטיק
אין משך פון בלויז צוויי געציילטע שעהן.

די האַנדלונג איז געווען נאַיוו און זויבער,
און דער עקראַן געווען איז ווי אַ שפּיגל,
אין וועלכן טשאַרלי טשאַפּלין האָט געצויבערט
און זיינע מענטשן אַנגעטאָן אין פליגל.

צו אים בין איך אַנטלאָפן פונעם טומל,
און אים האָב איך געזוכט אין קליינעם קינאָ,
כדי ער זאָל דאָרט מיט זיין קונסט דער שטומער
אָן ענטפער פאַר מיין אויסגעשריי געפינען.

נאָר זעלטן האָט ער ביזן סוף פאַרענדיקט —
דאָס ליכט אין זאַל האָט ראַש זיך אָנגעצונדן,
ווען ער איז שטיל, אָן איינזאַמער, ווי שטענדיק,
אויף זיינע פּלאַטפוס אין דער ווייט פאַרשוווּנדן.

דעצעמבער, 1955

## מיין שולד...

האָלב אין פאַרוואונדערונג, האַלב אין שמייכל
זאָגסט צו מיר אַזוי:
— האָסט אַ יינגלערישן שכל,
כאָטש דיין קאָפּ ווערט גרוי.

לייכט ביסטו זיך איינצוליבן,
לייכט — צו קריגן פיינט,
אומגעדולדיק — הייס געבליבן
איז דיין בלוט ביז היינט.

זוכסט כסדר וואָרט און ניגון
פאַר דיין לייד און פרייד.
בלויז אויף רו און אויף פאַררוּיִקן
האָסטו נישט קיין רייד.

נישט שפּאַצירן, נאָר צום שפּרינגען
ציִען דיך די טריט,
אויך דיין אומגליק אויסצוזינגען
פּרוּווסטו מיט דעם ליד. —

— כ'הער דיך אויס און ענטפער ערנסט:
— ס'טוט מיר זייער לייד,
נאָר מסתּמא וועט נישט ווערן
שוין פון מיר קיין לייט!

איינגעבוירן איז מיין פעלער,
מוזט דערויף באַשטיין:
דאָרטן, וווּ מען קאָן גיין שנעלער,
מוז איך שנעלער גיין!

אויב כ׳וועל שטעלן ברייטע שפּרייזן,
וועל איך לעבן לאַנג,
און כדי כ׳זאָל דאָס באַווייזן —
העלפט מיר מיין גענאַנג.

און דאָס ליד איז, ווי מיין לעבן,
ווייניק נאָך געשוּלט:
אויב זיי וועלן אַלץ נישט געבן —
וועט דאָס זיין מיין שוּלד...

1954

* * *

אפשר האָב איך איבערטריבן,
צופיל שוואַרצע פאַרב געגעבן,
ווען איך האָב אַמאָל געשריבן
וועגן אָנהייב פון מיין לעבן.

אפשר איז דאָרט צופיל טרויער,
צופיל פחד־שטריכן קרומע —
האָט דען דאָרט אויף מיר געלויערט
בלויז דער שאָטן פונעם אומעט?

ניין, אין דעם, וואָס כ'האָב געשילדערט
נישט געווען איז הויל'ע גוזמא.
בלויז אויף מאַכן שאַרף די בילדער
עטוואָס איבערטרייבן מוז מען.

אויב אַ מעשה איז נישט פריילעך,
איז אין איר נישטאָ קיין ליגן, —
ווייט נישט אַלץ האָב איך דערציילט אייך,
און אַ סך האָב איך פאַרשוויגן.

איצט ערשט, ווען מיין קאָפּ נעמט גרויען —
קער איך אום זיך צו דער קינדהייט,
איצט ערשט זע איך, ווי דער טרויער
הייבט פון דאָרט אָן צו פאַרשווינדן.

אָט אַזוי געשעט אום ווינטער:
פון די שנייאיקע פאַרנאַכטן
קוקסטו אום זיך אויף אַהינטער
און פון פרילינג פרוווסטו טראַכטן.

## באגינען

צווישן הויכע סאָסנע־ביימער
האָט ערשט אָנגעהויבן טאָגן.
איבער שטעגעלעך געהיימע
האָט מיין מאַמע מיך געטראָגן.

אויף די מאַכן צווישן שטאַמען
איז דער שאָטן נאָך געלעגן.
ווו אַהין טראָגט מיך די מאַמע?
איך האָב מורא זיך צו פרעגן.

אין דער שטילקייט צווישן צווייגן
איז אַ פויגל אויפגעפלויגן.
ווער האָט מיך געהייסן שווייגן?
איך האָב צוגעמאַכט די אויגן.

אַלע ריחות אויסגערוטע
ווערן שאַרפער, ווערן פייכטער.
אויף מיין מאַמעס הענט די גוטע
ווער איך ליכטיקער און לייכטער.

ביז די זון איז אויפגעגאַנגען
אויפן וועג כ'בין איינגעשלאָפן
און שוין קיינמאָל נישט דערגאַנגען,
צי מיין מאַמע האָט געטראָפן...

## דערוואַכט

טיף באַהאַלטן און פֿאַרבאָרגן
אויפֿן דעק פֿון מיין זכּרון
לעבט דער ליכטיקער פֿרימאָרגן
פֿון די ווייטע קינדער־יאָרן.

צווישן סאָסנעס הענגט מיין וויגל.
ווען איך עפֿן אויף די אויגן,
זע איך, ווי אויף שמאָלע פֿליגל
זעגען שוואַלבן דורכגעפֿלויגן.

ווער האָט זיי געשיקט מיך וועקן
פֿון די בלויע זומער־הייכן? —
איך הייב אָן די הענט צו שטרעקן,
נאָר איך קאָן זיי נישט דערגרייכן.

בלויז דער שאָטן איבער גראָזן
שוועבט אַן אויגנבליק, אַ רגע.
און איר מאָרגן־קלייד דעם רויזן
גייט די מאַמע מיר אַנטקעגן.

# סאָסנע־ריח

אין דעם שאַרפֿן סאָסנע־ריח
פֿון די מאַזאָוויעצקער וועלדער
דורך דעם גאַנצן לעבן גיי איך,
ווי איך וואָלט זיך נישט געעלטערט.

יענעם פֿרישן טוי און חידוש
טראָג איך נאָך אין מיינע אויגן
און די וואָרצלען פֿון מיין ייִדיש
זענען מיט זיי אָנגעזויגן.

פּונקט ווי דעמלט נאָך מיין מאַמען,
לויף איך איצטער נאָך דעם לעבן,
אין איין שרעק — נישט צו פֿאַרזאַמען
עפּעס, וואָס עס דאַרף מיר געבן.

כאָטש מיין טראָט איז איצטער ברייטער,
ווייס איך נישט, צי איך גיי גיכער;
און גאַנץ אָפֿט — אָן אַ באַגלייטער —
פֿיל איך זיך נאָך אַלץ נישט זיכער.

ווייל דער שאַרפֿער סאָסנע־ריח
הערט נישט אויף מיך צו באַרוישן;
ווייל דאָס גאַנצע לעבן גיי איך
דורך די וואַלדיקע גערוישן.

אויגוסט, 1955

## חלום

די גרויקייט וועט פאַרלעשן מיינע האָר,
נאָר איך וועל לעבן צווישן טרוים און וואָר,
און ביז צום סאַמע סוף, אַזש ביז צום גרוב —
וועט מיר זיך חלומען מיין מאַמעס שטוב.

און נישט פאַרענדערט ווערן וועט איר קול,
איר פּנים יונג וועט בלייבן ווי אַמאָל,
און נישט פאַרוויאַנעט ווערן וועט איר פרייד,
און נישט — די פאַרב די ראָזע פון איר קלייד.

אין יעדן מאָרגן וועט זי גרינג און פריש
מיך נעמען אויף די קני ביים הויכן טיש,
און איך וועל שטרעקן מיינע הענט צום ברויט
און צו דעם ליכט, וואָס שטראַלט אַרויס פון איר הויט.

ווען זי וועט לאָזן מיך אַ ווייל אַליין,
וועל איך זיך פילן הילפלאָז, שוואַך און קליין,
און — ווי זי וואָלט אויף אייביק שוין אַוועק —
כ׳וועל ווערן בלינד פון טרערן און פון שרעק.

נאָר זי וועט קומען ווידער אומגעריכט
און איך וועל זען איר שמייכלענדיק געזיכט,
און איך וועל הערן האָס באַקאַנטע ליד,
וואָס שיצט מיך פון דער פרעמדקייט און פאַרהיט.

און וויפל מאָל פאַרמאַכן כ׳וועל מיין בליק —
אַזאַ וועט זיין דער חלום פון מיין גליק,
דהאָס חזרט אָפט זיך איבער און פאַרשווינדט — — — —
און ביז צום שטאַרבן וועל איך זיין אַ קינד.

1955

## צו דיר און נישט צו דיר

די שורות אויפן בייגעלע פאפיר —
איך בעט דיך, אז דו זאלסט נישט שלעכט פארשטיין.
די ווערטער, אנגעשריבענע צו דיר,
זיי זענען אויך נישט בלויז צו דיר אליין.

צי האב איך וועגן דיר דען בלויז געטראכט,
ווען אנגעצייכנט האב איך דארט דיין בילד?
אין קיין שום ליד האב איך זיך נישט פארמאכט,
מיין ליבשאפט האט זיך קיינמאל נישט געשטילט.

זי איז, ווי די צונויפגעפרעסטע שיין,
כסדר צו א נייעם אויפרייס גרייט.
די שורות, ווי די קראטן, בייגט זי איין,
ווען ווידער ווערט צו־ענג דארט פאר דער פרייד.

פארשטעל מיך נישט מיט דיינע שמאלע הענט,
פארהאלט מיך דא נישט מער אויף קיין מינוט.
לאז אפ מיך דעמלט, ווען דאס פייער ברענט
און גיסט צונויף אין פלאם דאס גאנצע בלוט.

און דו זיי רואיק, ווייל איך נעם דיך מיט
אויך דעמלט, ווען דו פילסט נישט מיין באריר.
מען וועט אויך הערן דיינע שטילע טריט
אין ליד, וואס איז געשריבן נישט צו דיר.

1955

# א בייזער פרימאָרגן

אַ בייזער און אַ טראַציקער פרימאָרגן
מיט נאַרישע און אריסטאָרלישע זאָרגן,
וואָס טשעפּען זיך צו מיר, ווי זלידנע פליגן
און רייצן מיך, איך זאָל זיך נעמען קריגן.
דאָס ברויט צום פרישטיק איז נישט אויסגעבאַקן,
די דילן סקריפּען און די טירן האַקן,
די האַנט איז טעמפּ און טוט מיר אָפּ דערווידער,
די שפּראַך איז קאַלט און טויג נישט אויף קיין לידער,
אין האַרץ איז פינצטער און אין מוח — ליידיק,
די גאַנצע וועלט איז היינט אויף מיר באַליידיקט.

און פּלוצלינג, ווי אַ בליץ אין מיינע אויגן
וואַלט אַלץ אַרומגענומען און צעבויגן —
די אומגעלומפּערטקייט פאַלט זיך פאַנאַנדער,
און ווידער ווערט דער טאָג אין טאָג פאַרוואַנדלט.
די זאָרגן ווערן קלענער און פאַרשווינדן,
דאָס בלוט אין האַרץ הייבט אָן זיך אָנצוצינדן,
די שווערקייט פאַלט אַראָפּ פון מיינע פינגער —
די גאַנצע וועלט וואַרט ווידער אויף איר זינגער.

1955

## דו גייסט מיר נאָך

דו גייסט מיר נאָך, איך ווייס דאָס זייער גוט,
איך פיל כסדר הינטער זיך דיין בליק.
פאַרגיב מיר, ליבע, אויב עס פעלט מיר מוט.
איך זאָל מיין פנים ווענדן אויף צוריק.

איך שרעק זיך, אַז איך וועל דערזען אַ בילד,
וואָס איז שוין בלייך געוואָרן פון דער צייט:
די בענקשאַפט איז ביז איצט נאָך נישט געשטילט
און דאָך — שוין אויף אַזויפיל יאָרן ווייט.

קאָן זיין, אַז איך וועל ווערן איבעראַשט,
ווען דו וועסט קומען נעענטער צו מיר.
דיין קאָפּ וועט זיין פון גרויקייט שוין פאַראַשט,
דיין שמייכל — פונעם ווייטיק אַנגעריהרט.

און מורא האָב איך פאַר דיין ערשטן וואָרט,
וואָס מיך ביי דער באַגעגעניש דערוואַרט:
צי פון דיין אַלטער ליבשאַפט אָפּגעשפּאָרט,
צי פון פאַרדרוס און פאָרוואורף — שווער און האַרט.

דו גייסט מיר נאָך — איך וועל נישט בלייבן שטיין.
איך ווייס, אַז מיך דערגרייכן וועסטו נאָר,
ווען איך וועל רוען ערגעץ ווו אַליין,
אַ מידער שוין פון וועג, מיט גרויע האָר.

1955

## פאַרמאַך די אויגן...

שוין געל געוואָרן אַלע בלעטער,
די פייגל זענען אַפּגעפלויגן,
דער ווינט טראָגט אָן אַ רעגנוועטער. —
מיין קינד, פאַרמאַך די אויגן.

דאָס ברויט פון פעלד — אראָפּגענומען,
אַ נעפּל האָט די ווייט פאַרצויגן,
עס וועלקן שוין די לעצטע בלומען. —
מיין קינד, פאַרמאַך די אויגן.

דער ווינטער נעמט אַלץ שטאַרקער וואַיען,
און איך, פון שרעק, ווער איינגעבויגן:
מיין שוואַרצער קאָפּ הייבט אָן צו גרויען. —
מיין קינד, פאַרמאַך די אויגן.

1955

## דער פּיקוס

דער פּיקוס אַלט איז פּונקט ווי אונדזער ליבע —
מיט דיר איז ער צו מיר אין שטוב געקומען,
און, ווי דיין פּאַזש און שומר, דאָ געבליבן —
איך האָב אים בריט און גערן אויפגענומען.

ער איז געווען נאָך יונג און קליין־געוואַקסן,
ווען אָנגעהויבן האָט ער דיך צו דינען.
איצט האָט ער שוין דערגרייכט צו דיינע אַקסלען,
און מיינע — פּרוווט ער אויך שוין אָפּגעפינען.

ער שטייגט אַרויף, פֿאַרנעמט אַלץ מערער שטח,
ער האָט זיך אין אַ בוים כמעט פֿאַרביטן.
מיר דאַכט זיך אָפט, אַז בלויז דיך איינע זעט ער,
ער לעבט דערפֿאַר, כּדי דיך אָפּצוהיטן.

דער פּיקוס אַלט איז פּונקט ווי אונדזער ליבע,
און פּונקט ווי זי — אויך ער איז אויסגעוואַקסן.
אָט זע, ער שטייגט שוין באַלד דיין קאָפּ אַריבער —
ער וועט שוין באַלד דערגרייכן מיינע אַקסלען.

1955

* * *

איך ווייס מיט וויפל דו ביסט פון מיר יינגער,
כאָטש דו ווילסט נישט מיין עלטער אָנערקענען —
מיט דעם באַריר פון דיינע שמאָלע פינגער
פרובירסטו מיין פאַרגאַנגענהייט פאַרברענען.

און ווען איך נעם דיר טרויעריקס דערציילן,
הערסטו דו מיך אויס מיט מויל און אויגן אָפן,
נאָר שפּעטער זאָגסטו, אַז איך קען נישט ציילן,
אַז נישט מיט מיר די מעשה איז פאַרלאָפן...

דו רעכנסט אָפּ די צייט פון פיין און הונגער,
דו וואַרפסט אַרויס די ווינטערס פון זכרון,
ביז וואַנען איך בלייב שטיין פאַר דיר אַ יונגער --
אינמיטן פון די בליענדיקע יאָרן.

1955

# די שלאַנג

די מעשה פֿון ערשטן גן־עדן
איז אַלט און באַקאַנט שוין פֿון לאַנג:
צוויי מענטשן — און צווישן זיי ביידן
דער ביטערער פֿאַראַט פֿון דער שלאַנג.

צוויי מענטשן אין פֿורכטיקן ציטער
פֿון ליבשאַפֿט און הייסן פֿאַרלאַנג.
ווער איז אויף דער ערד דאָ דער דריטער? —
די פֿאַלשע און גליטשיקע שלאַנג.

דאָס גליק איז נאָך ווייט פֿונעם טויער,
די שפּראַך איז נאָך לויטער געזאַנג,
נאָר צווישן די קוסטעס שוין לויערט
און פֿויגט די גיפֿטיקע שלאַנג.

אין גאָט איז נאָך אָדם געראָטן,
געצוימט איז נאָך נישט זיין פֿאַרלאַנג.
די פֿרוכט פֿון פֿאַראַט איז פֿאַרבאָטן,
דערפֿון ווייסט בלויז איינע — די שלאַנג.

צי איז דאָס די פּרי פֿון וויסן,
פֿון חכמה און קלאָרן געדאַנק?
געשפּריצט האָט פֿון יעדן איר ביסן
מיט ביטערן סם פֿון דער שלאַנג.

די זון האָט אין פּורפּור געפֿלאַקערט,
באַלויכטן מיט ערשטן פֿאַרגאַנג
צוויי מענטשן פֿאַרלוירן און נאַקעט —
אין קוסטעס געלאַכט האָט די שלאַנג.

4 יולי, 1955

# בלינד

מיין פֿריינד, דער דיכטער, איז געוואָרן מיד
פֿון טאָג און פֿון דעם מענטשלעכן געזיכט —
ער זוכט איצט פֿאַר זיין לעבן און זיין ליד
די קילע שטראַלן פֿון לבֿנה־ליכט.

ער טראַכט, אַז אָפּצורוען איז כדאַי
נאָך יאָרן פֿון געראַנגל און פֿון צער;
אַז פֿריי זיין הייסט: אַז ער זאָל ווערן פֿריי
פֿון יעדער שווערקייט און פֿון געפֿאַר.

אויב עמעץ וויינט, קערט ער זיך שנעל אַוועק,
אויב עמעץ רופֿט, חרייט ער זיך פֿלינק אַרויס,
און ווי נאָר ער דערפֿילט אַ ווייטע שרעק —
דעם קאָפּ אין זאַמד באַהאַלט ער, ווי אַ שטרויס.

אַ שאָד — דער דיכטער איז געוואָרן בלינד,
איך בין אים נישט מקנא מיט זיין גליק;
איך ווינטש אים, אַז דער אומרו, ווי אַ ווינט,
פֿאַריאָגן זאָל דעם נעפּל פֿון זיין בליק.

1954

## דיינע לידער

געהערט דיינע לידער — ווי קאַלט, אוי ווי קאַלט!
ס'איז אַלץ דאָרט פאַראַנען, נאָר אַלץ איז דאָרט טריפה.
מיר דאַכט זיך, איך גיי איצט אַרום פון אַ וואַלד,
וווּ צווישן די פייגל איז דורך אַ מגיפה.

צי קאָן איך עס זאָגן דיר אָפן און קלאָר?
ניין, כ'וועל עס פאַרשווייגן, ווי כ'האָב עס פאַרשוויגן.
פאַרוואָס? ווייל דאָס אַלץ וואָס כ'וועל זאָגן איז וואָר
און קאָן נישט דערגרייכן צו דיר און צום ליגן.

1944

## דורכפאַל

האָסט אויסגעהערט מיט פּינקטלעכקייט געניייער
און גיריק אין מיין ליד זיך איינגעזאַפּט.
און דאָך — פאַרהערט, פאַרהערט האָסט דו דעם טרוייער —
דאָס יתוש־ווערעמל וואָס לעבט און קלאַפּט.

האָסט אויסגעציילט דעם ריטעם פון דער שורה
און אַכט געלייגט אויף ריינקייט פון דער שפּראַך,
נאָר נישט דערהערט דעם עיקר: יענע גבורה,
מיט וועלכער כ׳האָב דאָס וואָרט צו ליכט געבראַכט.

ווייל צווישן פערז און פערז פאַרפעלט האָסט הערן
דעם דריטן, וואָס כ׳האָב שרייבן בלויז פאַרפעלט.
דערצו, זיי מוחל, דאַרף מען האָבן טרערן,
מען דאַרף אַ האַרץ, וואָס קען דעם טעם פון קוועל.

דו האָסט גערעדט — אַ טענה נאָך אַ טענה —
און איך האָב זיך פאַרלוירן און פאַרשעמט,
און איך האָב פּעסט באַשלאָסן מער נישט ליי׳נען
און — בלייבן דיר, ווי פריער, ווייט און פרעמד.

1944

## דער פּראָזעאַלאָג

ער רוקט זיך אומעטום אַרויס פון פּאַרנט,
דער ערשטער נעמט ער אַלע מאָל דאָס וואָרט.
פון מינדסטן צווייפל האָט איִם גאָט באַוואָרנט,
פאַר אים איז יעדע זאַך שוין אויסגעקלאָרט.

זיין לשון איז צונויפגעשטעלט פון פראַזן,
פאַרפלאָכטענע ווי רינגען אין אַ קייט.
ער האָט אַזוי פולקום זיי איינגעחזרט,
אַז איצט ער גלייבט: דאָס זענען זיינע רייד.

אין יעדן ענין האָט ער וואָס צו זאָגן,
און ווי אַ טאַשן־לעמפל איז זיין בליק,
וואָס קאָן זיך לייכט און פלינק אַריבערטראָגן
אין יעדן ווינקל פון דער פּאָליטיק.

זיין אויפטריט הייבט ער אָן פון גרויסן כינוס,
„וואָס האָט צום נייעם לעבן זיך דערוועקט",
און אויף זיין פּנים שיינט אַ שטאָלצע מינע,
ווי ער אַליין וואָלט כינוס ערשט אַנטדעקט.

אָן אויגנבליק — און ער איז שוין אין פראַנקרייך,
„וווּ ס'גאַנצע פאָלק איז בייז און אויפגעבראַכט",
און ער איז זיכער, אַז אים דאַרף מען דאַנקען,
ווי ער אַליין דעם שלום וואָלט באַוואַכט.

אַזוי שפּאַצירט ער איבער קאָנטינענטן,
און אומעטום איז ער ווי איינהיימיש. —
ווען ס'וואָלטן זיינע צוהערער דערקענט אים —
זיי וואָלטן אים דאָס מויל פאַרשטאָפּט מיט ליים!

1955

# דער מאלקאָנטענט

די גאווה איז געפּעפֿערלעך און פֿאַרריסן,
נישט איינעם שוין האָט זי דעם בליק פֿאַרבלענדט,
נישט איינעם שוין — פֿאַרטונקלט דאָס געוויסן,
נאָר איך האָב פֿיינט נאָך מער — דעם מאַלקאָנטענט.

ער טראָגט אַרום זיין אומעטיקע מראה,
און אומעטום זעט ער נאָר שלעכטס און שלעכטס,
ער דרינגט אַריין צו דיר דורך יעדער שפּאַרע,
און האַקט אָפּ דיין געלעכטער מיט אַ קרעכץ.

פֿון אַלע ווינקלען זוכט ער אויס דעם שאָטן,
פֿון אַלע ווערטער — בלויז דאָס איינע: שלעכט!
עס שלאָגט מיט פֿולן לאַנגוויל פֿון זיין אָטעם,
און דו מוזט הערן — ווייל ער איז גערעכט...

מיט זיין פֿאַרביטערטקייט איז ער אַ יחסן,
און דו מוזט הערן, דו מוזט מסכּים זיין,
ווייל ער איז אומעטום, ווייל ער איז וואַכזאַם —
אין יעדן איינעם מענטש זעט ער דעם פֿיינט.

נאָר איך וועל אים שוין לאַנג נישט קאָנען שווייגן —
דאָס גאַנצע לעבן מאַכט ער מיר דאָך שוואַרץ!
און זאָל ער מיך דערקלערן פֿאַר אַ שונא —
איך וועל אים זאָגן אַלץ וואָס אויף מיין האַרץ.

— אַוועק פֿון מיר! איך האָב דיך גוט דערקענט שוין.
דאָס שלעכטע זוכסטו אַרום זיך אומזיסט.
און אויב דו האָסט קיין צוטרוי נישט צו מענטשן —
פֿאַרנעם זשע בעסער זיך מיט רויִמען מיסט.

1955

## די גראָבע הויט

די גראָבע הויט האָט אים אַרומגעפּאַנצערט
און קיינעמס ווייטיק וועט אים נישט באַרירן.
אַ זעלבסטצופרידענער, אַ רואיקער, אַ גאַנצער —
ער וועט קיין גראַם נישט פון זיין וואָג פאַרלירן.

אויף אים האָט נישט קיין שליטה דער זכרון.
ער דרייט אַרום זיך אויף דער וועלט באַנוגנט
מיט זיינע נישטיקע און צוגעציילטע יאָרן.
דער גלייכגילט איז פאַר אים די גרעסטע טוגנט.

ביי אים אין מוח וועדעמדיק עס ראַיעט
אַ הויפן זלידנע גיריקע פאַרלאַנגען.
זיין קורצער בליק איז דורכדרינגלעך: ער לויערט
כסדר עפּעס פאַר זיין גוף צו פאַנגען.

זיין לעבן איז אַ פלאָנטער פון מעת־לעתן,
וואָס קומען אָן און אויפהער און פאַרגייען,
כדי ער זאָל פאַרשלינגען זיי און פרעסן
און אין דעם פולן מאָגן זיי פאַרדייען.

איך טרעף אים אָפט און מיך באַפאַלט אַן אימה:
וווּ נעסטיקט זיך זיין מענטשלעכע נשמה? —
ער לעבט און פגרט פּונקט ווי אַ בהמה,
און טראָגט פון הויכן שטאָלצן מין דעם נאָמען.

1955

# אין רעגנדיקע טעג

אַ דיקער נעפּל האָט פאַרשטעלט דעם וועג.
וואָס זאָל איך טאָן אין רעגנדיקע טעג?

אַ קראָ פליט דורך דעם הימל אינדערקרום —
דאָס האַרץ איז פול, די ליפּן זענען שטום.

די ביימער שטייען, ווי אַ שוואַרצער פלויט,
דאָס גרויע טאָג־ליכט גייט אויס אויף מיין הויט.

וואָלט כאָטש געפלאַטערט ערגעץ־וווּ אַ פאָן! —
אין רעגנדיקע טעג וואָס זאָל איך טאָן?

איך וועל צו זיך פאַרבעטן מיינע פריינד,
די אמתע, די אַלטע — נישט פון היינט.

— חברים, לאָמיר אַלע מיטאַמאָל,
אַ זינג־טאָן יענע לידער פון אַמאָל!

די אַלטע לידער מיט דער יונגער פרייד,
וואָס זענען שטענדיק אונדז צום דינען גרייט

דעם שונא צו באַזיגן אין געשלעג,
דעם אומעט — אין די רעגנדיקע טעג.

1954

## וואָס איז דיר?

— וואָס איז דיר, טייערער? — הער אויף צו פרעגן!
איך בענק שוין נאָך דעם פרילינגדיקן רעגן.

— וואָס יאָגסטו זיך, וואָס איילסטו זיך, מיין ליבער?
דער האַרבסט אַפילו איז נאָך נישט אַריבער.

— איך קען דעם האַרבסט און ווייס ווי לאַנג ער דויערט,
זיין ווינט ציט אויס דעם ניגון פונעם טרויער.

— געדולד, מיין פריינד. די ווינטער־טעג ערשט גייען
מיט ווייסע פראָסט און בלענדנדיקע שנייען.

— איך קען דעם ווינטער אויך מיט אַלע שרעקן,
מיט זיינע וואָכן ווי די טויטע פלעקן.

— אוי, צופיל ביסטו גרייט אַוועקצוגעבן:
דאָס אַלץ צוזאַמען איז אַ העלפט פון לעבן.

די האַרבסטן און די ווינטערס וועסטו טרייבן
און דו אַליין מיט גרויע האָר וועסט בלייבן.

— זאָל זיין, זאָל זיין! איך האָב געאַרנישט דאַקעגן,
איך וואַרט נאָר אויף דעם פרילינגדיקן רעגן.

1955

# צווישן דאַך און וואַנט

איך האָב אַ וואַנט פון ציגל אויפגעשטעלט
און הינטער איר באַהאַלטן זיך פון ווינט,
פון זון און רעגן, און פון שניי און קעלט —
און איצטער דאַכט זיך מיר, אַז איך בין בלינד.

איך האָב זיך מיט אַ דאַך דעם קאָפּ פאַרדעקט,
פון הרויסן אָפּגעטיילט זיך מיט אַ שויב.
דער טומל האָט מיך מער שוין נישט געוועקט —
און איצטער דאַכט זיך מיר, אַז איך בין טויב.

און איצטער, ווי איך שטרעק נאָר אויס די האַנט —
מיר דאַכט זיך, אַז זי טרעפט אָן אויף אַ צוים.
געפאַנגען איז זי צווישן דאַך און וואַנט
און שטיקט זיך הילפלאָז אין דעם ענגן רוים.

ווען וועל איך ווערן פון דער שטייג באַפרייט? —
ווען וועט מיין שטוב מיר זיין בלויז ווי אַ נעסט,
וווהין איך קער זיך אום פון יעדער ווייט,
פונוואַנען איך הייב אויף זיך צום פאַרמעסט?

1955

# און ווידער...

און ווידער אויפדאסניי די זעלבע מעשה:
א קלעמענדיקע אימה מיך באפאלט,
ווען איך דערזע אין קאפ א האר א ווייסע —
א סימן, אז אויך איך וועל ווערן אלט.

צי וויל איך, אז די צייט זאל זיך פארהאלטן?
חלילה! זאל זי איבער מיר אריבער.
ווייל פון מיין אייגן לעבן אין דעם אלטן —
איז מיר דאס נייע פון דער צוקונפט ליבער.

נאר אפשר וועל איך טאקע זיין אן אויסנאם
פון אלץ, וואס איז פארמשפט צום פארגיין?
די יארן וועלן לויפן, ווי פון דרויסן,
און אינעם לעבן וועל איך בלייבן שטיין.

קאן זיין, אז דער געדאנק איז א פארברעכן:
מיט וואסער רעכט האב איך זיך אויסדערוויילט?
אומענדלעך איז די צייט, נאר אויסגערעכנט —
אויך מיר האט זי מיין חלק צוגעטיילט.

איך האף, אז קיינער וועט מיך נישט באשטראפן
פאר אט דעם חטא צו וועלן בלייבן יונג:
אז איך זאל האבן פון דער צייט אנטלאפן
אויף אויסגעלאשן ווערן ווי א פונק.

אויגוסט, 1955

# דאָס איינע שטילע ליד וועט מוזן סטייען

מיט וואָלקנס וועט דער הימל זיך פאַרציִען
און קראָען וועלן אים אַריבערפליִען.
פון בלעטער וועלן ווערן געלע פליעקן.
דער ווינט וועט יאָגן, ווילדעווען און שרעקן —
נאָר איך וועל זיך פון אַלעם ביז פאַרשטעלן
און אין מיין ליד די זומער־זון וועט העלן,
דאָס איז דאָס ליד, וואָס איך האָב אָנגעהויבן
אין יענעם מאָרגן, ווען די ווייסע טויבן
צום בלויען הימל זענען אויפגעפלויגן —
זיי שוועבן ביז אַצינד נאָך אין די אויגן.
ווי העמלט, ווען איך בין אין פעלד געלעגן,
פיל איך נאָך אַלץ די ערד אין איר באַוועגן:
זי קרייזט אַרום און איר אַרום עס קרייזן
די טויבן. און אָט באַלד וועל איך באַווייזן
צו פליען מיט דער ערד דער זון אַריבער.
די ליכטיקייט מיך הוידעט ווי אין פיבער
און וואַרפט צוריק מיך צו די קינדער־יאָרן,
וווּ אַלץ איז לייכט מיר צוגעזאָגט געוואָרן.

דאָס איינע שטילע ליד וועט מוזן סטייען,
אַז איך זאָל אַלע קראָען איבערשרייען.

נאָוועמבער, 1955

# געבורטס־טאָג

אינמיטן יאַנואַר — אַ צווייַגל בעז
האָט אויף מיין ברוינעם שרייב־טיש אויפגעהעלט.
אַ ציטער נעמט מיך דורך פאַר אָט דעם נס
פון בליונג אין דער צייט פון שניי און קעלט.

וואָס איז געשען? אַ טאָג ווי אַלע טעג:
אַ וואָכעדיקער ווינטער־טאָג אין מי,
די שעה פון סאַמע האַסטיקסטן געיעג,
און איך גלייב אַלץ, אַז ס׳איז נאָך זייער פרי...

איך וויל דערגיין מיט וואָסער שיין עס לייכט
דאָס דינע צווייַגל, וואָס האָט מיך פאַרבלענדט,
פון וועלכן פרילינג האָט דער דופט זיך לייכט
אַריינגעקריגן צווישן מיינע ווענט?

פונוואַנען קומט דאָס צווייַגל אויף מיין טיש —
אינמיטן יאַנואַר — אין בלייכן בלי,
פאַרוואָס איז, ווי אַמאָל, דער דופט נאָך פריש —
פאַרוואָס איך גלייב, אַז ס׳איז נאָך זייער פרי?

25 יאַנואַר, 1955

## ביים קאַלענדאַר

יעדן טאָג, ווען איך רייס אָפּ דאָס בלעטל
מיט דער דאַטע פון דעם קאַלענדאַר —
קוק איך אויפן ציפער פונעם צעטל
און איך לייען פון אים אַ געפאַר.

וואָס האָב איך מיט אים אַראָפּגעריסן? —
וואָס האָב איך גענומען פון דעם טאָג?
צי האָב איך באַוויזן זיך דערוויסן
עפּעס, וואָס ער האָט מיר צוגעזאָגט?

יעדער טאָג ווערט מיט אַ שאַרפן צייכן
בולט אָפּגעשטעמפּלט פון דער צייט:
אויב כ'וועל עפּעס נישט אין אים דערגרייכן —
ווערט ער נעלם אין דער אייביקייט.

איינציק איז זיין נאָמען און זיין נומער,
מער וועט ער נישט קערן זיך צוריק.
וואָס איז דען דער לענגסטער טאָג פון זומער,
אויב ער גייט אַוועק? — אַן אויגנבליק.

בלויז דער טאָג, וואָס האָט זיך איינגעגעבן
אין מיין מי — איז אַ געבענטשטע גאָב.
פון דעם קאַלענדאַר און פון מיין לעבן
ווי אַ רייפע פרוכט ער פאַלט אַראָפּ.

## נעפּלדיקע טעג

די נעפּלדיקע טעג פון אָנהייב ווינטער
פאַרמאָגן אויכעט זייער שטילן חן.
דער שניי איז צאַרט אַזוי, אַז באַלד צערינט ער
און אינעם פאַלן הייבט ער אָן צעגיין.
אויף גאַסן שטייען נאַקעטע די ביימער,
דער ווינט האָט אַלע בלעטער אָפּגעפּליקט.
זיי גלאָצן מיט דערשראָקנקייט געהיימער,
די פייכטקייט אין די צווייגן שוואַרט און שטיקט.
די רחבותדיקע פּלעצער ווערן ענגער
און היימישער — אין קרייז פון דעם טומאַן,
און גראַד די קורצע גאַסן ווערן לענגער
אין נעפּל — מיט אַן אומבאַשטימטן שפּאַן.

מיר דוכט זיך, אַז די מענטשן גייען שטילער,
נישט זיכער און אַ ביסעלע צעשטרייט;
קאָן זיין, זיי האָבן אויפגעהערט צו פילן
די מאָס פאַר דעם, וואָס נאָענט איז און ווייט.
זיי בלאָנדזשען אויף די איינגעהילטע ראָגן
און זוכן אין דעם וואַסערדיקן ליכט
אַ פריינדלעך וואָרט, וואָס עמעץ וועט זיי זאָגן,
אַ שמייכל אויף אַן אומבאַקאַנט געזיכט.

איך קום זיי אומגעריכטערהייט אנטקעגן:
אָט איז דער שמייכל, און אָט איז דאָס וואָרט!
אין נעפּלדיקע טעג פון שניי און רעגן
דאָס גליק גייט מיט דער נאָענטקייט געפּאָרט.

דעצעמבער, 1955

* * *

דו זאָגסט, אַז כ׳בין צו שטרענג און צו פאַרביסן,
אַז צו פיל פאָדער איך פון דיר שוין היינט.
דו וואָלסט זיך קודם־כל געדאַרפט דערוויסן,
צי בין איך דיר אַ שונא, צי אַ פריינד.

ווען אויף אַ ווײַלע דאָס מויל מיינס ווערט אַנטשוויגן,
דו בלייב מיט מיר — וועסט דעמאָלט מיך פאַרשטיין.
די אויגן זאָגן קיינמאָל נישט קיין ליגן,
דאָס טוען בלויז דער שמייכל און די ציין.

מיט אָט דעם זעלבן, וואָס איז מיר דערווידער
אין דיר — איך ראַנגל זיך אַליין שוין לאַנג.
איך מאָן פון דיר, און פיל דערבײַ, אַז ווידער
פון זיך אַליין דאָס זעלבע איך פאַרלאַנג.

ווער האָט מיך דען באַשטימט איך זאָל דיך שטראָפן —
ווער האָט דערויף געגעבן מיר דאָס רעכט?
מיין האַרץ איז אויך פון ביידע זייטן אָפן
צום בלוט, וואָס איז נישט אַלע מאָל גערעכט.

דאָס האָב איך בלויז אין דיר געוואָלט דערפילן
דעם אומרו פאַר דעם אַלעם, וואָס מיר פעלט.
ווייל דו, נאָר דו, קאָנסט העלפן מיט דיין ווילן,
מיר ביידע זאָלן ענדערן די וועלט.

1955

# צו־נאָענט

קאָן זיין, דערפאַר, ווייל איך בין דיר צו־נאָענט,
ווערט בלויז דאָס שלעכטס, וואָס איך פאַרמאָג —
פאַרגרעסערט.
די צייט — די איינגעפּרעסטע טעג און שעהן —
וועט ווייזן מיך פאַרשטענדלעכער און בעסער,
און יעדע קלייניקייט וועט אויסזען נייטיק,
ווען פון דער ווייט דערזען וועסט זי גענויער,
און אויך צו דעם, וואָס דיר פאַרשאַפט איצט ווייטיק —
וועסט ווענדן זיך מיט בענקשאַפט און באַדויער.
וועסט זוכן יעדן טאָג, וואָס איז פאַרגאַנגען —
ווי דיר וועט דעמלט דוכטן זיך — דערנעבן,
ווייל אַלץ פון דאָרט, אַפילו דאָס געראַנגל
האָט ענג צונויפגעבונדן אונדז אין לעבן.

די גרויסע ליבשאַפט וועט מיט אַלע פאַרבן,
אַ גאַנצע און אַ גרויזאַמע דערשיינען.
קאָן זיין, אַז גראָד דאָס ליכט פון בליצן האַרבע
אין שטורעם — וועט צום בולטסטן דאָרט שיינען.
ווען אַלץ צוזאַמען אויסגעמישט וועט ווערן,
וועסט דו שוין מער נישט קאָנען אונטערשיידן
דעם אָפּשטאַם פון די בלענדנדיקע טרערן —
צי קומען זיי פון עוולות, צי פון פריידן.

דעצעמבער, 1955

# צוריקבליק

עס לויפט די צייט, די קורצע צייט,
וואָס איז דעם לעבן מיינעם צוגעטיילט.
נאַרוואָס האָב איך אויף יאָרן זי געציילט,
איצט איז זי, ווי די קינדהייט, אַזוי ווייט.

עס לויפט די צייט אין ליכטיקן פאַרוויר,
זי איז שוין מיט יאָרצענדליקער אַוועק
אין צאַפּל צווישן האָפענונג און שרעק —
איצט איז זי, ווי די יוגנט, הינטער מיר.

איך ווייס, נישט אַלץ האָב איך דאָרט איינגעשטעלט
אין אָרדענונג, געלאָסן און באַטראַכט:
אין איילעניש האָב איך דאָרט אָנגעבראַכט
מיין ביסל אייגנס פון אַ פרעמדער וועלט.

נאָר אין דער צייט, וואָס מיר איז נאָך באַשערט,
וועט אויך דער עבר ווערן אויסגעקלאָרט,
און יעדער טאָג פאַרנעמען וועט זיין אָרט,
און יעדע זאַך באַקומען וועט איר ווערט.

נאָוועמבער, 1954

## דאָס האַרץ

ווי קליין איז דאָס האַרץ, אַזוי קליין ווי אַ פויסט,
וואָס ליגט אין מיין ברוסט, ווי אין קלעם.
און דאָך — דורך דעם האַרץ פאַר דער וועלט כ'האָב
אַנטבלויזט
פון לעבן דעם לויף און פאַרנעם.

די ליבע, וואָס איז ווי אַ שטורעם פאַרביי,
דער ווייטיק, וואָס האָט נישט געשוינט,
די פרייד, וואָס פלעגט שווינדן און קומען אויפסניי
און האָט מיט מיר לאַנג נישט געוווינט.

דאָס גליק פון דער יוגנט, וואָס האָט מיך פאַרבליפט,
די רייפקייט, וואָס האָט מיך געפאָלגט,
די ערשטע אַנטוישונג — דער טראָפּן פון גיפט
אין שוימיקן ווין פון דערפאָלג.

און יענע מינוט פון דער גרויסער געפאַר,
ווען איך בין געבליבן אַליין
און פלוצלינג דערפילט, אַז פאַרגליווערט און שטאַר
דאָס האַרץ ווערט — און שטום ווי אַ שטיין.

1955

# אויבנאָן

ניין, זעצט מיך נישט אַוועק אויבנאָן,
ווען בלייבן וועל איך איינזאַם און אַליין,
און רעדט נישט וועגן מיר אין הויכן טאָן —
מיין האַרץ וועט אַזאַ לשון נישט פאַרשטיין.

מיין שוואַרצער קאָפּ האָט פיינט דעם אָרעאָל,
די ליב־געזאַנגען קילן אָפּ מיין בלוט,
מיין אויער נעמט בלויז אויף דאָס שטילע קול,
און מיט דעם מענטש איז אויג אויף אויג מיר גוט.

איך בין נישט אַלט און לייד נישט אויף דער קרענק
צו ווערן פון באַוונדערער באַוואַכט.
אין מענטשלעכן געדראַנג איז מיר נישט ענג,
און צום המון פיל איך נישט קיין פאַראַכט.

פאַרקערט, איך מיש זיך גערן מיט אים אויס
און ווער פון אָטעם זיינעם דורכגעגליט.
און ווען איך קום פון אים צוריק אַרויס —
ער גייט מיר וויטער נאָך ביז אין מיין ליד.

ניין, זעצט מיך נישט אַוועק פון אויבנאָן
און קוקט נאָך נישט דערווייל אויף מיר אַרויף –
איך בין נאָך יונג, איך האָב נאָך וואָס צו טאָן,
איך האָב נאָך נישט פאַרדינט זיך אַזאַ שטראָף...

1955

## צ יי ט

וואָס איז אַזוינס אין יעדן ליד דער ניגון,
אויב נישט די שייכות צווישן קלאַנג און קלאַנג? —
אין לעבן וועלן אַלע טעג זיך קריגן,
אויב דו זעסט זיי נישט אין צוזאַמענהאַנג.

ואַמאָל וועט דיך באַוועלטיקן די שׂנאה,
אַמאָל וועט דיך די ליבשאַפֿט מאַכן בלינד,
אויב דו וועסט צווישן זיי נישט אויסגעפֿינען
דאָס פֿייער, וואָס באַהעפֿט זיי און פֿאַרבינדט.

די טעג, וואָס וועלן אין דעם פֿייער גליִען —
פֿון זיי די צייט וועט ווערן אויסגעשמידט.
זיי וועלן זיך אין איר צוזאַמענציִען,
ווי קלאַנגען אין דעם ניגון פֿון אַ ליד.

1955

* * *

די שפּראַך איז פאַרפּלאָנטערט און רוי,
דאָס בלוט אין מיין האַרץ איז צעגליט. —
דערציילן וועל איך ווי אַזוי,
פון וואָס ווערט געבוירן מיין ליד.

עס מאַכט זיך אַמאָל, אַז אַ וואָרט
טוט פלוצלינג מיט ווייטיק אַ ברען,
ווי אויף אַ פאַרוווּנדעטן אָרט
געטראָפן איך וואָלט מיט מיין פען.

אַ צווייט מאָל געשעעט אומגעריכט:
אַ קלאַנג גיט אַ שלאָג, ווי אַ שטראַל,
און רייסט אויף אין בלענדנדיק ליכט
אַ לאַנג שוין פאַרשוויגענעם קוואַל.

נאָר אָפטער פון אַלץ איך דערוואַרט
דאָס וואָרט, וואָס זאָל וועקן מיין פרייד.
ווייל פונקט ווי דאָס בלוט פון מיין האַרץ —
אַזוי איז זי גיריק און גרייט.

פון ווייטיק, פון בענקשאַפט, פון פרייד -
מיין צונג ווערט געפרווט און געבריט.
אַזוי צינדן אָן זיך די רייד,
אַזוי ווערט געבוירן מיין ליד.

1955

# אינהאַלט

## רויט און בלאָ



## ביים דענקמאָל פון געטאָ



## קלאָרקייט

**דערוואַרטונג**